# א טוידט

## שריפטען פון א זעלבסטמערדער א טירוף.

איבערגעגעבען צום דרוקען

ז. שניאור.



פערלאַג „השחר" וואַרשא

ווארשא, תר״ע.

דרוק „הצפירה", פייַנסקא 40.





# קאַפּיטעל איינס.



20 טעג אין אלול.

... שוין באַלד גאַנצע צוויי וואָכען, אַז איך בעהאַלט בײַ זיך
אין קעשענע דאָס, וואָס ד אַ ר ף ווערען מײַן רוצח; דעם חלף
פונ׳ם מלאך־המות בעהאַלט איך בײַ זיך, דעם רעוואָלווער...
גלאַט איז ער—מײַן רעוואָלווער און קאַלט—ווי דער טוידט
אַליין; און ווען איך קוק אין זײַן טיעפער, שוואַרצער לאָך אַרײַן,
דאַכט זיך מיר, אַז איינע פון די טויזענדער אויגען, וואָס דער מלאך
המות פערמאָגט, קוקט מיך אָן מיט יענעם אײַביגען און שטומען
בליק, ווי נאָר אַ טויטער שאַרבען מיט פוסטע אויגען איז פעהיג
צו קוקען. מיר דאַכט זיך זאָגאַר, אַז טוידטע, פערקריצטע צייִנער
שמײַכלען דערבײַ אין דער לופטען.
אייגענטליך איז עס דאָך צום לאַכען.— מען האָט גענומען
אַזאַ און אַזאַ מעטאַל, צוגעגעבען איהם אַזאַ און אַזאַ פאָרעם,
צוגעשרויפט אַ שטיקעל פרוזינע, אַרײַנגעזעצט אַ פּאָר שרײַפליך,
צוגעפּאַסט לאַנגליכע שטיקלעך בלײַ, און דאָס אין גאַנצען מיט
אייַנאַנדער וועגט נאָר איין פונט, איין אייִנציגער פונט! אייגענטליך
איז דאָך דאָס גאַנצע מאַשינדעל קליין, איינפאַך, נאַיוו און קאַלט—
אַ? אָבער פּרובירט נאָר, גוטער ברודער, אַ קוועטש־טהון דאָס דאָ־
זיגע קליינע מאַכערײַ אין אַזאַ און אַזאַ אָרט, נאָר מיט איין פינ־
גערעל גיעב אַ קוועטש! אַ? — וועט דאָס אַביסעל אַ קנאַק טהון,

ווֶעט דאָס אַבִּיסֶעל מִיט רויך און פֿײַעֶר אַ שפּײַ געֶבֶּען ! אָה, ווִי
פִֿיעל שִׂנאה צו דִיר און צו אַלץ וואָס עֶס לעֶבּט ווֶעסטו אִין דעֶם
קנאַל דעֶרשפִּירעֶן ! — און דאָס קלײנעֶ שטוּמעֶ מאַשִינדעֶל ווֶעט
הרגֶ'נעֶן מעֶנשעֶן : גרויסעֶ מעֶנשעֶן, קלוּגעֶ מעֶנשעֶן, אפִילוּ
אַזעֶלכֿעֶ !... לִיסטִיגעֶ און נאַרִישעֶ מעֶנשעֶן, פֿרעֶהלִיכֿעֶ און אוּמעֶ-
טִיגעֶ ווֶעט זי הרגֶ'נעֶן. — מעֶנשעֶן וואָס האָבּעֶן זיך אַסך אַסך
יאָהרעֶן בּעֶמִיהט צו עֶנטוויִקלעֶן זײעֶר פֿלײש און גײַסט, זײעֶר
לײַב און מוֹח. — מעֶנשעֶן וואָס האָבּעֶן אַסך געֶזעֶהעֶן און אַסך
געֶלִיטעֶן און געֶגעֶסעֶן און געֶטרונקעֶן אַסך. מעֶנשעֶן ווֶעלכֿעֶ האָ-
בּעֶן אִיבּעֶרגעֶלעֶבּט אַסך שמעֶרצעֶן און אַסך פֿעֶרגעֶנִיגעֶן און שטעֶנ-
דִיג געֶלעֶגט זיך שלאָפֿעֶן מִיט דעֶר זיכֿעֶרהײַט, אַז מאָרגעֶן ווֶעלעֶן
זײ זיך ווידעֶר אויפֿהאַפּעֶן פֿון זײעֶר שלאָף און ווֶעלעֶן ווידעֶר לעֶ-
בּעֶן, ווידעֶר עֶסעֶן און לײַגעֶן, אַרײַנשלִינגעֶן און אַרײַנאָטהעֶמעֶן
דאָס בּעֶסטעֶ און אַרויסלאָזעֶן דאָס עֶרגסטעֶ — אַזוי ווי דעֶר שטײ-
געֶר איז ... גִיעב נאָר אײן קלײנעֶם דריק אין דעֶם קונציג-צוזאַמעֶנ-
געֶשטעֶלטעֶן פֿינט מעֶטאַל — פּוּף ! און דעֶר מעֶנש אויף ווֶעמעֶן
דאָס שוואַרצעֶ קײלעֶכֿיגעֶ לעֶכֿעֶל איז געֶווֶעֶן אָנגעֶשטעֶלט, פֿאַלט
אַנידעֶר און ציהט זיך אויס מִיט אָבּגעֶנוּמעֶנעֶ אברים, מִיט פֿעֶר-
ווֶעלקטעֶ, אָבּגעֶלאָזעֶנעֶ מוּסקוּלעֶן ; און אַלץ וואָס עֶר האָט געֶזעֶ-
העֶן און געֶלעֶזעֶן און געֶהעֶרט און אָנגעֶזאַמעֶלט און אײַנגעֶזאַפּט
אין זיך צעֶהעֶנדלִיגעֶר יאָהרעֶנלאַנג מִיט אַנשטרעֶנגוּנג און אַרבּײַט,
ווִיעֶרדט אִיהם אוּמבּעֶדײַטעֶנד און פֿעֶרלאָרעֶן אין אײן סעֶקוּנדעֶ אויף
אײבּיג. —

מִיר אַלײן איז אַזוי זיס צו פֿיהלעֶן, אַז אַזאַ געֶניאַלעֶ מאַשִינ-
דעֶל, אַ מאַשִינדעֶל וואָס האָט זיך דעֶם טויט אין אַרעֶנדעֶ געֶנוּמעֶן—
לִיעגט בּײַ מִיר אין דעֶר טאַש. און ווי נאָר איך ווֶעל ווֶעלעֶן, אַז
מײַן רעֶוואָלוועֶר זאָל שִיסעֶן און טוידטעֶן — ווֶעט עֶר שִיסעֶן און
טוידטעֶן. און אַז איך ווֶעל עֶס נִיט ווֶעלעֶן, ווֶעט עֶר בּײַ מִיר
לִיעגעֶן אין הִינטעֶר-קעֶשעֶנעֶ אַ שטוּמעֶר, אַ בּהמ'וואַטעֶר פּונקט
ווי עֶר ווײס פֿון גאָרנִישט, דעֶר ממזר !

דעֶר טויט, דעֶר טויט אַלײן לִיעגט בּײַ מִיר אין דעֶר טאַש,
און איך בִּין זײן הערשעֶר, זײן בּעֶפֿעֶהלעֶר. ווי לעֶהם אין דעֶם
טעֶפּעֶרס הענד איז עֶר בּײַ מִיר. —

עֶס טרעֶפֿט זיך אַ פֿאַרנאַכט, איך קעֶהר זיך צוריק מִיעד און

צוּבּראָכֿען פֿון מײַנע עטליכע שטונדען, װעלכֿע ציהען זיך בײַ מיר װי יאָהרען. איך זוך דאַן מיט װאָס זיך צו דערקװיקען און געפֿין ניט. די ביכֿער זענען שױן פֿערשטױבט פֿון לאַנג אָן, דער טײַ גיעט זיך אָב מיט נאַפֿט, דער ברױט איז אַזױ זױער, די פּוטער איז ביטערליך; דאַן פֿערשליס איך די טיהר פֿון מײַן צימער, נעהם פּאַמעליך אַרױס מײַן רעװאָלװער, מײַן שענעם ליבּען רעװאָלװער, לעג איהם אַנידער פֿאַר זיך אױפֿ'ן טיש, דערנאָך טראָג איך איהם איבּער אױפֿ'ן קישען, דאָרט איז איהם װײך, דאָרט איז איהם בּעסער... איך קװיק זיך מיט איהם און בּעטראַכֿט איהם פֿון אַלע זײַטען. איך גלעט מיט ליבּע זײַן גלאַטען, געפּולירטען רוקען. דאָס זעלבּע מאַכֿט מיך נאָך מײַן ריזיגער שװאַרצער שאָטען אױפֿ'ן װאַנד... און דאַן דאַכֿט זיך מיר, אַז איך הער דעם טױדט אַלײן אַרומשפּרינגען אין דעם קלײנעם פֿערשלאָסענעם אינסטרומענט. װי אַ בײזער, שטומער גײַסט רײַסט ער זיך פֿון זײַן ניקעלנער תּפיסה... עס גלוסט זיך איהם אַרױסשפּרינגען, שיסען, טױדטען, שפּאַלטען קעפּ, לעכֿערען הערצער און שלײַפֿען... מיט אַ װילדער שנאה קיקט ער מיך אָן פֿון דער שװאַרצער, קײַלעכֿ־דיגער לעכֿעל, און זײַן בליק — אַ בליק פֿון אַ פּוסטער אױג אין אַ טױדטען שאַרבּען — רעדט צו מיר: „ליסטיגער, מאוס'ער מענ־שעל, װאָס האָסטו מיך פֿערשפּאַרט, לאָז מיך פֿרײַ, פֿרײַ זאָלסטו מיך לאָזען!..."

דאַן פֿערקריצען זיך בײַ מיר די צײנער פֿון זיך אַלײן און איך סיפּע אַדורך דורך זײ עטליכֿע צוריסענע אומגעלומפּערטע װערטער, אַזױ רעדט מען אַרױס װען ניט איז פֿון קדהות, אָדער בשעת אַ װילדער, פֿלוצלונגדיגער שמחה; איך שעפּצע צו מײַן רע־װאָלװער, װעלכֿער ליגט און בלישצעט אױפֿ'ן קישען:

— די חאָלירע װעט דיך ניט נעהמען אַז דו װעסט װאַר־טען נאָך אַ װאָך... נאָך צװײ... װעסט נאָך צײַט האָבען צו הרג'ענען... ממזר!

און פּונקט װי איך װאָלט געקריגען פּחד, טאָמער װעט דער טױדט בּרעכען מײַן געזעץ און װעט נעהמען שיסען אָהן מײַן װי־לען, טאָמער װעט ער אַראָב פֿון זינען פֿון אַזױ פֿיעל בּעהאַלטענע שנאה און װעט אַװעקהרג'ענען פֿאַר דער צײַט, אײַל איך מיך און פֿערשליס איהם װאָס גיכֿער אין זײַן דיקער לעדערנער שײדעל.

דאָס איז די בערוהיגונגס־העמדעל פֿון מײַן רעוואָלווער. אַזאַ מין העמדעל טהוט מען אָן די משוגעים, ווען עס קומט בײַ זײ די צײַט פֿון ווילדער וואַנזיניגקײַט.

ס'איז מיר מאָדנע, בנאמנות.. איך דערמאָן מיך אָן מײַן געשטאָרבענעם טאַטען, אַט דער לאַנגער, דאַרער יוד פֿלעגט בלײַך ווערען און אָנהייבען ציטערען דערזעהנדיג אַ רעוואָלווער, און פֿלעגט טוראַ האָבען אָנריהרען זיך אָן דעם ווי אָן פֿײַער. און איך — אַ זוהן פֿון אַזאַ נערווען, שוואַכען מענשען — שטעה מיר מיט אַנ'אָנגעלאָדענעם רעוואָלווער אין אַזעלכע נאָהענטע בעציהונגען; איך האַלט איהם, זאָגאַר, שטענדיג אין קעשענע, איך פֿיהל שטענדיג זײַן אַנגענעהמע שווערקײַט מיט דער הויט פֿון פֿוס. מיר דאַכט זיך, אַז אַ בעהאַלטענע צוויטע האַרץ קלאַפּט אין איהם מײַן האַרצען צום טאַקט. — ווי ליעב איך האָב איהם! מיט וואָס פֿאַר אַ טיעפֿער לײַדענשאַפֿט פֿיהל איך בײַ מיר אין האַנד זײַן גלאַטען גלאַנצענדיגען מעטאַל... איך בין איבערצײַגט, אַז מיט אַזאַ לײַדענשאַפֿטליכען ציטער צערטלען היציגע מענער די ווײַבע, גלאַטע אָרעמס פֿון זײערע געליעבטע, וועלכע איך האָב נאָך קיינמאָל אין מײַן לעבען ניט געהאַט. —

עס טרעפֿען זיך וואַרעמע נעכט פֿול מיט שווערע שאָטענס און קאָשמאַרען, וועלכע שטיקען מיך און לאָזען מיך ניט שלאָפֿען; דאַן ציה איך אַרויס מײַן רעוואָלווער פֿון זײַן שײדעל און דריק מיך צו צו זײַן קאַלטען מעטאַל מיט מײַן גליהענדיגער באַק. מײַנע טרוקענע ליפּען פֿערקרימען זיך עפּעס און שמײכלען אַ מאָדנעם שטילען שמײכעל אינ'ם חשך. אפילו די שאָטענס און די קאָשמאַרען, וועלכע פּרעסען מיך, בעקומען אַ שטומען שטיים דורך דאָס בעוועגונג פֿון מײַנע ליפּען, סטעראָטיפּירען אָב מײַן שמײכעל און צעשמײכלען זיך איך אַזוי מאָדנע און שטיל ווי איך אַליין. און וויפֿיעל נעכט ווײַער איך אַזוי אַנדרימעלט ביז אין דער פֿריה און מײַן באַק איז פֿעסט צוגעדריקט צום רעוואָלווער. און אַז איך חאַפּ מיך אויף, ליגט מײַן רעוואָלווער אויף מײַן קישען אין דעם בלײַבען באַגינען־שײַן, אַנ'אָנגעוואַרעמטער, אַ גלאַטער, אַ שטומער און שמײכעלט צו מיר מיט זײַן גלאַנצענדיגען ניקעל.

נאָר אונטער זײַן עהרליכער מאַסקע פֿיהל איך אין איהם אַ פֿערבאָרגענעם פֿינסטערען לעבען, אַ פֿערבאָרגענע חיה, אַבעהאַל־

טְעָנְעֶ ווילדעֶ תאוה צו שיסעֶן און טוידטעֶן ... דאַן ווערט מיין געזיבּט ליסטיג און אַביסעלעֶ ביז און בעקומט דאָס אויסזעהען פון אַ דערוואַקסענעם מענשען, וואָס האָט געחאַפּט אַ קינד ביי אַן'עברה. איך שטעק אַביסעל אַרויס די אונטערשטע ליפּ מיט אַ שטרענגקייט און מאַך צו איהם מיט'ן פינגער:

— עי, עי ממזר! האַלט זיך איין. דער טייוועל וועט דיך נים נעהמען ווען דו וועסט צוואַרטען נאָך אַ וואָך ... צוויי וואָכען.

---

איצטער ערקלערט זיך מיר מיין אונגעוועהנליכער גייסטיגער צושטאַנד, וועלכער האָט ביי מיר געדויערט ביי אַ יאָהר צייט.

פריהער האָב איך בעקומען אַ חשק צו לייענען אין די צייטונגען די שטאָרטישע און די פּראָווינציאַלע כראָניק. דאָרטען פלעג איך אָפּטמאָל געפינען פאַקטען און מעשׂות וועגען מענשען, וועלכע האָבען אויף זיך אַליין אַ האַנד אַרויפגעלעגט. איך פלעג דאָס איינשלינגען שטילערהייד, מיט אַ פערבאָרגענעם דורשט. און דערביי פלעג איך זיך שטענדיג פערשליסען איינער אַליין אין מיין צימער, פונקט ווי איך וואָלט עפּעס געטהון אַ מאָרנע זאַך, וואָס מען דאַרף עס פון אַלעמען בעהאַלטען. איטליכער אַזאַ טוידט פאַקט וואָס איז געדרוקט געוועזען גאַנץ קאַלטבלוטיג מיט קליינינקע ציריכענע אות'יעלעך, פלעגט מיר אויפרייצען מיין פאַנטאַזיע אויף אַ לאַנגע צייט. איך פלעג מיר קלאָר פאָרשטעלען און אויסמאָלען מיט שאַרפע פאַרבען ביז צום וועהטון אַלע פאָרברייטונגען צו אַזעלכע טוידטען, דערנאָך — וואָס עס קומט פאָר בשעת דעם געטאַכטען טוידט גופא: די קערפּערס פון פערגיפטעטע זעלבסט-מערדער, וועלכע צאַפּלען זיך, נים קענענדיג שרייען מיט די פערברענטע האַלז און ליפּען; אויסגעצויגענע פיס פון געהאַנגענע און לאַנגע, לאַנגע העלזער; שטריק וועלכע הוידען זיך אין דער לופטען נאָכדעם ווי מען ברעכט אויף די טיהר און מען שניידט איבער די פּעטליע... דערנאָך — פערוואונדעטע שלייפען; שטערענס מיט דונקעל-בלאָהע קיילעכדיגע לעכעלעך; מוחות וועלכע עס איז אַ דורכגעגאַנגען אַ הייסע, ניקעלנע קויל ...

און שטענדיג ביים לייענען פלעג איך מיך בעמיהען צו בעשאַפען אין דער פאַנטאַזיע אַ קלאָרען געפיהל פון

די אַלֶע מינים טוידטען, וועלכֶע מאַכען פוּנ'ם מענשען אבר-מינן—
אַט איז:

א) גיפט: אַ קאַלטער פייער אין געשטאַלט פון עפּעס אַפּליסיגס רינט אַראָב דורכ'ן ווייט, דרעהט צונויף די געדערים אין קאָנוואולסען, טריקענט אויס דעם מאָגען-זאַפּט און עסט זיך איין אין די וואַרימע ווענטלעך פון מאָגען. נאָדלען אין מאָגען... און די נאָדלען ווערען אַלץ מעהרער און מעהרער פון מינוט צו מינוט ביז זיי נעהמען איין דאָס גאַנצע בלוט, אַלע אָדערען, דעם מוח... איטליכער אָדער פלאַטערט פון שטומען, ווילדען וועהטאָג און שרייט... און די מיליאָנען גיפטיגע נאָדלען דרינגען דורך, ברענען, שטעכען...

ב) הענגען זיך: איין לייכטער שטויס און דער שטול שפרינגט אַוועק פון אונטער די פיס פון דעם, וועלכער הענגט זיך. — די שטאַרקע, גלאַטע, אָנגעזייפטע פעטליע חאַפּט אַפּ... שטעל אַרום דעם איידעלען האַלז ווי מיט אייזערנע צוואַנגען. די מוסקולען פון האַלז פערלירען גלייך זייער קראַפט און בויגזאַמקייט; זיי קענען ניט העלפען דעם אָנגעצויגענעם האַלז, זיי קענען שוין ניט ביישטעהן... דער קערפער ווערט אין זיבען און זיבעציג מאָל שווערער, און וועגט אַראָב און שלעפּט אָהן רחמנות... דער שיין פון טאָג ווערט מוטנע-ווייס ווי צומישט מיט מילך, דערנאָך—גרין, דערנאָך—שוואַרץ... די אָדערען פון די שלייפען קלאַפּען ווי מיט שפּיציגע האַמערס, מיט אַ שרעקליכען וועהטאָג; די לונגען פלאַטערען ווי אַ גרויסער פיש, וועלכען מען האָט לעבעדיגער הייד אַרויסגעשלעפּט פון וואַסער... דער מוח אָט, אָט ער פלאַצט פונ'ם שטאַרקען בלוט-שטראָם, וועלכער האָט ניט קיין דורכגאַנג... די שפּיצען פיס ציטערען דריבנע און פלינק, קוים צו בעמערקען, ווי אַ שטאָלענע פרוזינע, וואָס האַלט ביים אָבשטעלען זיך — נאָך אַ רגע און...

ג) טרינקען זיך: אַ פּלוצלונגדיגער פאַל-אַראָב פון אַ הויכען בייכיגען בריק ביז צום פערשווינדלען אין קאָפּ; בוימער, הייזער, מענשען, דראָשקעס גיעבען זיך אַ דרעה און ווערען צו פלאַסען... און אין מיטען האַלב-חלש ען—דאָס קאַלטע נאַסקייט פון וואַסער... בררר... אין איין סעקונדע ווערען די לונגען אָנגעפּיהלט מיט וואַסער ווי די זעק, ביז צום גאָרגעל... דער גוף

ווערט שיוער, זעהר שווער און זינקט . . . אינסטינקטיוו עטהעמען די נאזלעכער, דער מויל, און שלעפען אריין אלץ מעהר און מעהר שטיקענדע וואסער, אנשטאדט גרינגע, מחיה׳דיגע לופט . . . די אויגען ווערען גרויס־גרויס און זעהען נאר א גרינליכען, אונער־בארעטדיגען תהו־ובוהו. דומפיג און גרויזאם וואויעט עפעס אין די פערגאסענע אויערען ... די לונגען צאפלען זיך . . . זיי בעמיהען זיך ארויסצוברעכען דאס וואס זיי האבען איינגעשלונגען, דאס וואס עס דריקט ווי קאלטע בליי אויף זייערע איידעלע שוואכע ווענדטלעך—און קענען ניט . . . א ווילדער אויסגעשריי האלט ביים ארויסרייסען זיך . . נאר געפינענדיג וואסער אנשטאדט לופט ווערט דער אויסגעשריי דערשטיקט מיט א מורא׳דיגען וועהטאג ...

ד) שיסען זיך: דאס קאלטע, רונדע, מעטאלענע זאך דריקט זיך צו צום הייסען שלייף. אין רוקען לויפט עפעס דורך... דער פינגער טאפט אן וואס מען דארף ... דער מוח פונקציאנירט ווי זיין שטייגער איז, שפייזט אלע נערוועז, אלע געפיהלען — און פלוצלונג . . . טרראך! דער שארבען פלאצט מיט אקנאק פון א פייבטער, עלאסטישער ביין ... א שארפער לייגגליבער „גאסט״ שפרינגט א דורך דעם מוח און צו־ודערט און צומישט און צורייסט דארטען אלץ מיט אזא וועהטאג, מיט אזא וועהטאג וואס האט קיין ווערטער נישט. דער מוח — דער פאטער פון אלע מוסקולען, אדערען, געפיהלען און נערוועז, פיהלט אין איין קליינער סע־קונדע דאס, וואס אלע מוסקולען און נערוועז וואלטען אלע צו־זאמען געפיהלט, ווען מען וואלט זיי שניידען פאטעלעך און פער־וואונדען זיי ביסלעכווייז ביז צום אויסגעהן . . . און אט די אלע גהינום׳ישע יסורים פיהלען די געהירען אין איין אלגעמיינעם פלוצ־לונגדיגען וועהטאג ··· און א סוף. —

אזוי פלעג איך מיר קלערען און ווידער אמאל קלערען איבער אלע טוידטפאקטען, וועלכע איך האב געלייענט, איבער אלע מינים פון זעלבסט־מערדערייי, וואס די העלדען פון דער טעגליכער כראניק האבען זיך אויסגעוועהלט. שטענדיג, סאי ביי טאג, סאי ביינאכט פלעג איך איבער זיי קלערען, און פלעג נאך צוגעבען צו זיי פון מיין אייגענער פאנטאזיע. איך בין שיעור ניט געווארען א פאטאליסט פון אזעלכע שטענדיגע, משונה׳דיגע רעיונות. איט־ליבע זאך פלעגט אין מיר אויפוועקען א מחשבה וועגען טוידט.

איך נעה פֿערבײַ אַ הױבן מױער און קלער: אַז די װאַנד קען גראָד יעצט אַ ציטער טהון, אײַנפֿאַלען און מאַכען פֿון מיר אַ פּיפּשטעקס. — איך געה איבער׳ן אײַזערנעם בריק, װאָס ציהט זיך הױך איבער דער ברײטע פֿון טײַך: „אַז דאָס װאַסער, װעלכעס פֿלײצט זיך, כלומר׳שט, פּאַמעליך, תּם׳עװאַטע — קען דערטרינקען; אַז דער גאַנצער אײַזערנער מעסער, װעלכען מען האָט אָנגעשטאַרפּט צו שנײַדען מיט איהם ברױט — קען קױלען, קען גאַנץ לײַכט דערשטעכען אױפֿן אָרט. מען דאַרף נאָר װיסען אונטער װעלכען ריפּ דאָס האַרץ ליגט.

אײַנמאָל בין איך געשטאַנען פֿערריכטען דעם קאָפּ און זיך צוגעקוקט צו אַנ׳אױפֿשרײַפֿט אױף אַ שײַערען מאָנומענט. איבער מיר איז שטאָלץ געשטאַנען דער בעל־דבר אַלײן — אַ גרױסער גראָב־בײַכיגער גענעראַל אױסגעגאָסען פֿון בראָנזע, אַנטקעגען איהם האָט מײַן פֿינגער אױסגעזעהען אַזױ קלײן און עלענד... און פּלוצלינג האָב איך אַ קלאָהר געטהון, אַז אַז דער מאָנומענט װעט קענען מיט אַמאָל אַ פֿאַל־טהון און דערשטיקען מיך מיט זײַנע הונדערטער פּודען, איך װעל בלײַבען אַזױ שטעהן און קוקען. אַ פֿערבאָרגענעם, מהורישעם געפֿיהל פֿון זעלבסט־שוץ, האָט מיך געשװינד אָבגעשלעפּט אָן אַ זײַט פֿון דעם דאָזיגען שרעקליכען מאָנומענט, װעלכער האָט די מעגליכקײַט אײַנצופֿאַלען און הרגענען, נאָר באַלד האָב איך מיר איבערלעגט, אַז דער גאַנצער שרעק איז נאַריש, אָדער גלאַט אַזױ — אַ משוגעת; בין איך װי אױף צו־להכעיס װידער צוגעטראָטען צום מאָנומענט. צוגערוקט זיך צו איהם נאָך נאָהענטער װי פֿריהער, אױף מײַנע ליפּען האָט זיך צוצױגען אַ נאַרישער, ברײַטער שמײכעל; און פּונקט װי איך האָב זיך מיט דעם געװענדעט צו דעם בײַלײַזען, בראָנזענעם גענעראַל: „אַנו, אדרבא... פֿאַל אָקאָרשט, פֿאַל... אַנו דערשטיק מיך... בּ׳װאָלט געװען אַ בלען צו זעהן..."

און אײַנמאָל אין אַ געבעלדיגען פֿריה־מאָרגען דערהער איך, אַז אײנער מײַנער אַ חבר פֿון די קינדער־יאָהרען, אַ בחור פֿון אַ יאָהר צװײ־און־צװאַנציג האָט זיך געכ׳מכ׳ט. ער האָט איבגעשטרונגען אַ פֿרישעלע קאַרבאָל, װאָס ער אַלײן מיט זײַנע אײגענע הענד האָט זיך געקױפֿט אין אַפּטײק.

אַ גאַנצען טאָג האָב איך זיך קײן אָרט נישט געפֿונען, אַרומ־

געבלאָנדזשעט אין אַ מין זיסער צורודערונג. מײַן פאָרשטעלונג האָט מיר אויסגעמאָלט פּזאַנ'אַרט טויט און האָט דאָס מיר ווי אַ מיקראָסקאָפּ פערגרעסערט אין אַ סך, אַ סך מאָל מעהר ווי דאָס איז;

און טאַקע אין יענעם טאָג אין אָוועגד, ווען איך בין אומ־געגאַנגען אַ פערקלעהרטער אין די גאַסען, האָב איך פּלוצלונג אַ טאַפּ געטהון אין קעשענע, ערקונדיגט זיך אויב עס זענען דאָ ביי מיר עטליכע גראָשען. געפינענדיג, אַז ס'איז דאָ, בין איך ניט וויסענדיג ווי אַזוי אַרײַן אין אַנ'אַפּטייק און אַ זאָג געטהון מיט קורצען אָטהעם:

— קאַרבאָל פאַר צעהן קאָפּיקעס.

און אַז איך בין אַרויס אויפ'ן גאַס שטאַרק צוהאַלטענדיג מיט קאַלטע פינגער דאָס פלעשעלע קאַרבאָל, וועלכע מען האָט מיר פערוויקעלט אין געלע באַבולע, האָב איך עס פּלוצלונג פער־וואונדערט אָנגעקוקט און אַ פרעג געטהון ביי זיך אַליין: „אייגענט־ליך, אויף וואָסער שווארץ יאָהר דאַרף איך עס האָבען?" און ניט־קלערענדיג לאַנג, האָב איך דאָס פלעשעלע אַ שלײַדער געטהון איפ'ן ברוק און צוטרושצעט אויף שטיקלעך. — אַ לײַכטער רויך און עטליכע ראָזיגע בלעזלעך זענען נאָר איבערגעבליבען אויף יענעם אָרט. און איך האָב זיך צוגעקוקט צו דעם רויכעל, צו דער פאַרע פונ'ם קאַרבאָל־זויער, וועלכע צוגעהט זיך אין דער לופט און האָב געשמײכעלט...

און ווידער אַ צופאַל, אַ נאָך מעהר לעכערליכער צופאַל איינמאָל בין איך געגאַנגען אין גאַס און־צום צעהנטען מאָל איבער געקלעהרט אַ מעשה, וואָס איך האָב געלעזען אין דער כראָניק וועגען אַ יונגען מאַן, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַנגען ביי זיך אין צימער אויף אַ קרוק, וואָס האָט געשטעקט אין באַלקען. און פּלוצלונג האָב איך מיך דערמאָנט, אַז אין סופיט פון מײַן צימער שטעקט אויך אַ האַקען און אַז אויך אויף איהם קען מען זיך הענגען...

אַ רגע האָב איך געצווייפעלט, אפשר האָב איך איגגאַנצען אַ טעות, אפשר איז ביי מיר אין צימער קיין שום האַקען ניטאָ. און איך האָב זיך אַ לאָז געטהון אהיים. געקומען צוגעהן, ערשט — יאָ, ער איז דאָ... אַנ'אמת, אַנ'אמת. ער איז דאָ, דער בעל־דבר...

אַנ׳אײַזערנער, שטאַרקער האַקען, פֿערבויגט אײניוועניג מיט אַ שפּיץ, ווי אַ שנאָבעל פֿון אַנ׳אָדלער, ווי אַ קרומער צאָהן פֿון אַ מײַוועל, און איז אַרײַנגעשרױפֿט אין רעכטען מיטען סופֿיט. איך הער איהם שעפּטשען: „איף מיר קען מען זיך הענגען — יאָ, מען קען זיך הענגען."

— אַזאַ מעשה, האָב איך מיר געוואונדערט, ווי אַזוי האָב איך איהם ניט בעמערקט ביז איצטער, אַזאַ אײַזערנעם, שטאַרקען, שפּיציגען? אַזאַ מעשה!

און דער האַקען שטעקט אַרויס פֿון דעם ווײַסען, אויסגעקאַלכטען סופֿיט אַ שוואַרצער, אַ הונגעריגער, אַ גרייטער צו אַלעץ און ווינקט... דאַן איז מיר אַ דורך די ליפּען אַ דינער היטרער שמייכעלע און כ׳האָב שטיל געזאָגט צו איהם: „אַזוי? טאַקע! דו לאַכסט ניט? איף דיר קען מען זיך הענגען? זעהר אינטערעסאַנט. לאָמיך אָקאָרשט זעהען. זעהר אינטערעסאַנט."

גלײַך האָב איך אויפֿגעזוכט דאָס שטריקעל, מיט וועלכע איך בינד איין מײַנע זאַכען, ווען איך ציה מיך אַריבער איף אַ נײַע דירה, און קאַלטבלוטיג, כמעט מיט אינטערעס, האָב איך מיר געמאַכט אַ שטאַרקע פּעטליע, אַוועקגעשטעלט אַ שטול... און שוין געהאַלטען בײַם צובינדען דעם צווייטען עק שטריקעל צום אײַזערנעם האַקען.

— באַלד וועל איך זיך אויפֿהענגען — האָב איך מיר רוהיג געטראַכט, און אַ מין ליידענשאַפֿטליכער נעבעל איז מיר געשטאַנען אין קאָפּ. מײַן עהרען וואָרט באַלד וועל איך זיך הענגען...

און פּלוצלונג — אַ קלאַפּ אין טהיר!... מײַן אונגעהײַערליכע רוהיגקײַט איז אַפֿענשטעל פֿערשוואונדען געוואָרען און אַ קאַלטער שווייס האָט מיך בעדעקט. כ׳האָב גלײַך פֿערשטאַנען וואָס איך האָב דאָ געוואָלט מהון, און די סכנה וואָס איז מיט דעם געווען פֿערוויקעלט. אין איין אויגענבליק איז די שטריק בעהאַלטען געוואָרען און דער שטול איז פֿלינק און שטיל אַוועקגעשטעלט געוואָרען איף זײַן אָרט.

— ווער איז דאָס?

— איך.

דאָס איז געווען מײַנע אַ בעקאַנטע מיידעל ריבקין. אַ וואוילע מיידעל. זי איז צו מיר פֿערגאַנגען אָבנעהמען דאָס ביכער וואָס

זי האָט מיר געליהען, אַז איך האָב איהר אויפגעשלאָסען די טהיר, האָט זי אויף מיר אָנגעשטעלט אַ פּאָר אויגען מיט פראַגע-צייכענס. זי איז געווען בלייכליך. אַ פּנים דאָס אויסזעהן פון מיין פערשוויצט געזיכט האָט עדות געזאָגט אויף עפּעס אַ סוד, וואָס איך האָב דאָ אָקאָרשט בעהאַלטען. איהר ווייבעס פרויען-האַרץ האָט דאַכט זיך גלייך דערשפּירט דאָס מאָרגע זאַך, וואָס האָט דאָ געזאָלט פּאַר-קומען, און וואָס האָט נאָך יעצט אומגעשוועבט אין דער שטילער לופט פון מיין צימער עלענד, פערשעמט און אומגליקליך, ווי אַ שוואַכער גנב'ל, וועלכען מען האָט איבערגעשלאָגען אין מיטען דער „אַרבייט"...

אַז מיין בעקאַנטע איז פון מיר אַוועק האָב איך גענומען מיין קליין מעסערעל און צושניטען די שטריק אויף דראָבנע שטיק-לעך. אַ משונה'דיגע הנאה האָב איך געפיהלט שניידענדיג דאָס שטריקעל. דאָס איז עפּעס געווען אַ געפיהל פון אַ פערביסענעם מענשען, וועלכער איז זיך נוקם אָן זיין שונא, וועלכער פערהאַפט און הרג'עט דעם. ווער ס'איז איהם געקומען הרג'ענען. — פונ-דעסטוועגען בין איך נאָך דעם געווען שטאַרק אויפגערעגט עטליכע טעג נאָכאַנאַנד. דער פערבויגטער האַקען אין סופיט פלעגט מיך נויטען איך זאָל אויפהויבען די אויגען און קוקען ביז צום מיעד ווערען. ביינאַכט — נאָכ'ן אויסלעשען דעם לאָמפּ האָב איך איהם ניט געזעהן. כ'האָב אָבער געפיהלט, אַז ער געפינט זיך דאָ אינ'ם חושך. ס'האָט זיך געדאַכט, אַז ער אָטהעמט, ווערט דיק און ווערט דין. און איך האָב ניט געקאָנט שלאָפען. דאַן האָב איך גענומען און געדונגען זיך אַנ'אַנדער דירה. וואו קיין האַקען האָט ניט אַרויסגעשטעקט פון באַלקען און כ'האָב זיך בערוהיגט.

אָבער ניט אויף לאַנג.

דאַרף זיך מיר מאַכען אַ נייער בעקאַנטער. אַ יונג מיט ביי-נער, מיט אַ פעסטען געשטופּעלטען געזיכט. ער האָט געדיענט אַלס בוכהאַלטער אין אַ פאַבריק פון אייזען-ווערק. — איינמאָל אין אָווענד, ווען איך בין ביי איהם געזעסען און געטרונקען טיי, האָט ער אַרויסגענומען פון זיין ברייטער קעשענע אַ שעניקען, געפּוליר-טען רעוואָלווער, אָנגעשטעלט עס אויף מיר מיט'ן שוואַרצען לאָך, האָט אַ לאַך געטהון און געזאָגט:

— באַץ! באַלד הרג'ע איך דיך...

איך האָב קיין ציטער געטהון ווי ער האָט געוואָרט פון מיר, איך בין נאָר געבליבען ווי פערגליווערט און געקוקט מיט ליידענשאַפט אויף דאָס שענע טוידט-געוועהר. נאָר דערנאָך, אַז איך האָב גענומען דעם רעוואָלווער אין האַנד צו בעטראַכטען איהם, און מיינע פינגער האָבען אָנגעריהרט זיין קאַלטען גלאַטען ניקעל, האָב איך אין גאַנצען אַ ציטער געטהון. אין דער זעלבער סעקונדע איז מיר קלאָר געוואָרען אַ שווערע, פערשלאָסענע רעטעניש, וואָס איהר בעשיידונג זוך איך שוין אַזאַ לאַנגע צייט. איך האָב פלוצלונג דערפיהלט מיט מיין גאַנצען „זיין", אַז איך מוז האָבען אָט דאָס גלענצענדיגע זאַך... אַז דאָס מוז ווערען מיינס אָהן אַ שום תירוץ.

ניט איינהאַלטענדיג זיך, האָב איך גלייך גענומען איינרעדען מיין בעקאַנטען מיט גרויס היץ:

— הער-נאָר, ברודער... פערקויף מיר דעם רעוואָלווער... וועסט מיר טהון אַ גרויסע טובה... איך וועל דיר בעצאָהלען מזומנים, זעה איך בעט דיך... פערשטעהסט? איך מוז עס זעהר און זעהר האָבען...

יענער האָט אויף מיר אָנגעשטעלט די אויגען:

— למשל, צוליעב וואָס?

כ'האָב דערפיהלט, אַז איך האָב איבערגעזאַלצען און האָב זיך אַביסעל צוטומעלט. איך אַליין האָב נאָך ווירקליך ניט געוואוסט אויף וואָס איך דאַרף עס. פונדעסטוועגען האָב איך זיך געשטאַרקט און געזועהן רעדען מיט אַ טאָן פון אַ מענשען, וואָס ס'איז איהם אַלץ איינס. נאָר ביי מיר איז דאָס ארויסגעקומען פאַלש:

— פערשטעהסט! אומעטום רעדערט זיך... פאָגראָמען... דאָ בעפאַלט מען, דאָ קוילעט מען... נו, איטליכער זעהט זיך צו בעשיצען — יאָ.

די אויגען פון מיין בעקאַנטען האָבען צוריק בעקומען זייער געוועהנליכען גלאַנץ, מיט אַ האַלבען מויל האָט ער מיר אַ זאָג געטהון דעם פרייז פאַר דאָס גלאַנצענדיגע זאַך... דערנאָך האָט ער זיך צוקאָכט און האָט שיעור ניט געשוואָרען, אַז ער האָט היינט, אַז עס האָט איהם אַליין געקאָסט טייערער; נאָר אַזוי ווי ער

ווײל דאָס ניט האַלטען און — אַ חבֿר... אַהין, אַהער, בקיצור: פּופּצען קאַרבען!

איך האָב געפּיהלט, אַז ער ליגט. נאָר איך האָב זיך ניט געדונגען. פערקעהרט, איך בין איהם נאָך געווען זעהר דאַנקבאַר. מיר האָבען אַזש די ליפּען געציטערט פאַר עפּעס אַ טיעפע דאַנקבאַרקײט. קײן געלד האָב איך בשעת־מעשה ניט געהאַט, בין איך אַוועקגעגאַנגען קריגען. ס'האַרץ האָט מיר געציטערט פאַר דאָס שענע געוועהר, וואָס ליגט איצט אין אַ פרעמדער טאַש. איך האָב נאָר פאַר'ן אַוועקגעהן געבעטען מײן בעקאַנטען, ער זאָל דעם רעוואָלווער דערוויײל וואָס קײנעם ניט פערקויפען. חס־ושלום. דער רעוואָלווער איז מײנער.

אויף מאָרגען האָב איך אויסגעבעטען געלד פאָראויס פאַר מײנע אַלעקציע וואָס איך גיב. איך בין געווען שולדיג פאַר מיטאָג און פאַר דירה. נאָר ס'האָט מיך ניט געאַרט. כ'האָב זיך געלאָזען געהן וואָס גיכער צו דעם בחור מיט מײן רעוואָלווער.

אַז איך האָב איהם געבראַכט דאָס געלד, האָב איך געפונען זײן צימער פערשלאָסען. צוויי לאַנגע שטונדען האָב איך אויף איהם געוואַרט אויפ'ן גאַס נעבען טויער. אַ דראָבנער, קאַלטער רעגען־דעל האָט זיך געלאָזען, נאַס געמאַכט דעם ברוק. אײזערנע דעכער האָבען גענומען שמײכלען פון פײכטקײט. און איך האָב שטיל געציטערט און געוואַרט. אין האַלז איז מיר געווען ביטערליך און טרוקען. ענדליך האָב איך דערזעהן, אַז מײן בחור געהט. כ'האָב זיך אײנגעהאַלטען ניט אַ לויף־טהון איהם ענטקעגען.

— אַה, ביזט געקומען מכח דער זאַך? שוין? וואָס איז די אײלעניש?

אַזוי האָט ער מיך גאַנץ געלאַסען גענומען פערנאַנדערפרע־גען מיט אַ שמײכעל פון אַ מענשען, וואָס פיהלט זיך שטאַרקער און זיכערער פון מיר.

און איך האָב אויף איהם געקוקט מיט אַ שטומע געבעט אין די אויגען, וואָס ער האָט נישט אָנגעהויבען צו פערשטעהן. און וואָס האָב איך געהאַט צו רעדען? טאַקע, איך אַלײן האָב נאָך קלאָר ניט געוואוסט, וואָס איך איל מיך אַזוי, פאַרוואָס בין איך אַזוי להוט נאָכ'ן רעוואָלווער. וואָס אַזוינס האָט מיר פערברענט. — איך האָב נאָר פערשטאַנען, אַז בײ אַזאַ מסחר דאַרף מען זיך

פֿיהרען גאַנץ רוהיג. נאָר דאָס מאָל האָב איך עס ניט געקענט.

אַז יענער האָט בײַ מיר צוגענומען דאָס געלד, האָט ער מיר גלײַך אין האַנד דעם רעוואָלווער ניט איבערגעגעבען. ער האָט מיר געטהון אַ נחת־רוח און גענומען מיר בעווײַזען, ווי אַזוי מען בענוצט זיך מיט איהם, ווי אַזוי מען לאָדט איהם אָן מיט קוילען און ווי אַזוי מען צונעמט איהם טײַלענווײַז, אַרויסשרויפענדיג אַלע זײַנע פֿערבאָרגענע שרײַפֿלעך.

אַז ער האָט דעם רעוואָלווער צונומען, האָט מיר דאָס האַרץ גענומען קלאַפּען. פּונקט ווי ער וואָלט מײַנס אַ קינד אָפּעריִרט פֿאַר מיר אין די אויגען.

איך האָב מיך געשראָקען, טאָמער מעשה־שטן מאַכט ער עטוואָס קאַליע, טאָמער פֿערליִערט ער אַ שרײַפֿעלע. קײַן שום זאַך האָט ניט געטראָפֿען. אָה, ער איז שוין אײַנמאָל אַ יונג, ער ווײַס שוין גראָד, וואָס אַ רעוואָלווער בעדײַט!

צום סוֹף האָב איך עס בעקומען מיט אזהרות איבער אזהרות, בעגעהן זיך מיט איהם פֿאָרזיכטיג. קײנער זאָל פֿון דעם ניט ווי־סען; מעהר פֿעהלט מיר ניט. אַז די פּאָליצײַ זאָל דאָס בײַ מיר דערטאַפּען... און נאָך, און נאָך...

מיט אַנ'אונגעדולדיגקײַט, ויעלכע קען אויסווײַזען חשד'דיג, האָב איך זיך גלײַך אַ הויב־געטהון און אַוועקגעגאַנגען אײנער אַלײַן הינטער דער שטאָדט.

די גאַנצע וועג האָב איך אין קעשענע געטאַפּט און נעגלעט מײַן נײַעס, ליעבען רעוואָלווער, ביז ער איז געוואָרען זודיג. מיר האָט זיך אויסגעראַכט, אַז איך האָב אַרויסגערופֿען אַ בעהאַלטענעס לעבען אין זײַן קאַלטען, טוידטען ניקעל.

טראָפּענס רעגען האָבען נאָך געציטערט אינ'ם גראָז און נאַס געמאַכט מײַנע שיך. דער טאָג איז דאָרטען אויסגעגאַנגען צווישען בלוטיגע כמאַרעס אין אַלערלײַ רויטע טענער און געשטאַלטען. דאָס פֿעלד איז געווען ברײַט, גרין און פּוסט.

דאַן האָב איך פּאַמעליך, מיט פֿערגעניגען אַרויסגעצויגען מײַן רעוואָלווער פֿון זײַן שײדעל און האָב זיך מיט איהם מתיחד געווען.

איך האָב אויף איהם געקוקט מיט טיעפֿער, דאַנקבאַרער

לײדענשאַפֿט און ניט געגלויבט מײַנע אײגענע אויגען: מיר דאַכט, אַז ער איז מײַנער, מײַנער... האַ?

איך האָב גענומען מאַכען הכנות צו אויסשיסען אין דער לופֿט, אַלץ אַ פּרובע. דאָס גאַנצע פֿעלד איז דאַכט זיך געבליבען ערשטוינט און געװאַרט. װײַטע בוימער האָבען זיך נײַגעריג אויסגעצויגען און געקוקט: „װאָס װעט דאָס זײַן, װאָס װעט דאָס זײַן?“

כ'האָב אויסגעשאָסען.

אין פֿלוק, דאַכט זיך... גאָרנישט. אַ קלײנער דונער האָט זיך אַרויסגעריסען צװאַמען מיט אַ בלאָהליכען רויך און איז פּאַמעליך צוגאַנגען אין דער פֿײַכטער, קאַלטליכער אָװענדס-לופֿט, װאָס אין פֿעלד. נאָר... צו אַלדע רוחות! קײן שטאַרקסטער דונער האָט מיך נאָך קײנמאָל ניט אַזױ אויפֿגעטרײסעלט װי דער דאָזיגער שאָס. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אַ סך דומפּע אָבקלאַנגען ענטפֿערן מיר פֿון אַלע זײַטען; אַז דאָס גאַנצע פֿעלד האָט אַ ציטער געטהון און מיך אָנגעקוקט דערשראָקען. מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איך האָב דערהערט אין שאָס אַ פֿערבאָרגענעם, גרויסען געלעכטער, אַ װײַטען אָבקלאַנג פֿון יענער-װעלט...

פֿײַכטע גראָזען האָבען מײַנע שיך געלעקט. און אַ רויטע, דיזיגע און קאַלטע זון האָט זיך אַראָבגעלאָזען צװישען בלוטיגע נעבלען. זי איז, דאַכט זיך, געװען שטאַרק אין כעס, װאָס מען האָט מיט דעם פּלוצליכען שאָס געשטערט איהר גרויסאַרטיגע, קײזערליכע רוהיגקײט אין איהרע לעצטע מינוטען. — — —



# קאפיטעל צוויי.

25 טעג אין אלול.

יענער געדאנק! ווי אזוי האט ער זיך דאס פערקליבען בײַ
מיר אין הארצען? ווען איז ער צו מיר געקומען? איך ווייס ניט.
איך געדענק ניט. — איז ער מיט מיר צוזאמען געבארען געווא-
רען? אדער ער האט זיך אין מיר פאמעליך, פאמעליך ענטוויקעלט
און איך האב עס ניט געפיהלט?

נאר געדענקען, געדענק איך, אז אלס קינד בין איך עפעס
געווען א מאדנער, מיט מײַן שווײַגען, מיט מײַן פערבּיסענקייט,
מיט מײַן ליעב האבען צו פערבלײַבען אין שטוב אײַנער אלײַן.
א בלײַבער בין איך געווען, און אלע מאנטאג און דאנערשטאג פלעג
איך זיך פערקריכען. און ליעגענדיג מיט אנאנגעשיאלענעם האלז,
פערוויקעלט אין א וואלענע זאק מיט ווארימען זאלץ, פלעג איך א
סך, א סך קלערען... ווי טריבע שטיקלעך נעבעל האבען מײַנע
קרענקליכע מחשבות געבלאנדושעט, יונגע און אומעטיגע, אהן
א געשטאלט, אהן א וועג; ווי די הערבסט־וואלקענס, וועלכע קא-
פען טאג ווי נאכט און בעפרוכטפערען ניט די ערד. און הערבסט
ווײַסען די וואלקענס אלײַן ניט צוליעב וואס זײַ קריכען אין דער
לופט, צוליעב וואס זײַ טריפען מיט קאלט וואסער אויף דער
ערד, אויך די ערד ווייס דאן ניט אויף וואס דארף זי דאס וואסער.
פונדעסטוועגען נעהמט זי צו דעם רעגען, טרינקט איהם פיילער-
הייד, ווערט צו ווייך און צו נאס און איז נאר פעהיג צו שפריצען
מיט בלאטע...

אויך איך האב דאן ניט געוואוסט צוליעב וואס איך קלער,
צו וואס איך דארף די טריעפענדיגע, לאנגע מחשבות. און דאך
האב איך מיר געקלערט. — און אונזער שווײַגענדיגע, וויסטע
היוו! די לופט איז דארטען שטענדיג פול געווען מיט קאלטע
שאטענס, די ווענד זענען געווען בעהאנגען מיט באנאלע, אבגע-

ריבּענע בּילדער. און אינוועניג איז עס געוועזען אָנגעשטעלט מיט אַלטע. שווערע מעבּעל, אָהן אַ געשמאַק און אָהן אַ סיסטעם, אָהן היימליכקייט און אָהן וואַרימקייט. מעבּעל – „מציאות״, וואָס איז נאָר פון צייט צו צייט געקויפט געוואָרען אויף פערשידענע אַקציאָנען, אויף אויספערקויפונגען ביי בעלי־בתים פון אַלע מינים. וועלכע זענען זיך צופאָהרען קיין אַמעריקאַ... און דאָס אַלץ איז געשטאַנען און האָט זיך געעלטערט, געכמורעט זיך אין שאָטען, אַרויסגעשטופּט די לופט און געהאָלפען מיר טראַכטען... אונזער וואָהנונג האָט מיר מפקיר געווען זיך אַליין, איהר אַטמאָספער, איהרע פערהאַסטע ווענד, איהר געשמאַקלאָזיגקייט, איהר לאַנגווייליגקייט און שווייגען, כדי איך זאָל קענען קלערען זיבּער און אונגעשטערט מיינע טריעבּע געדאַנקען... אונזער הויז מיט זיין אָבּנעלאָזענקייט, עלענד און שטילעניש איז געווען אין מיינע מחשבות, און מיינע מחשבות – אינ׳ם הויז. איינער האָט, דאַכט זיך, גורם געווען און געשפּייזט דעם צווייטען.

און ווען איך בין אבּיסעל געזינטער געוואָרען און מיין טאַטע, דער אַלמן און אונזער אַלטע קעכין פלעגען מיך נעהמען צורעדען, איך זאָל זיך אַבּיסעל שפּיעלען און זיין ווי אַלע קינדער, פלעג איך זיך גאַנץ פיל אין אונצופריעדען אומקעהרען צו מיינע צאַצקעס, וועלכע איך האָב קיינמאָל ניט געזעהן און קיינמאָל ניט געבּראָכען. און טיעף אין האַרצען האָב איך שטילערהייד געבענקט נאָך מיין קראַנק זיין. נאָך דער וואַרימער, וואָלגענער זאַק אויפ׳ן האַלז, נאָך מיין בעט און נאָך די משונה׳דיגע קלערעניש׳ען, וועלכע קומען פון צופּיעל ליגען...

קינדער פון מיינע יאָהרען — האָב איך ניט ליעב געהאַט, נים פיינד געהאַט. איך האָב זיך צו זיי בעציהגען מיט אַ קרענקליכע קאַלטבּלוטיגקייט, כמעט מיט עקעל. אונזער אַלטע קעכין פלעגט, רחמנות׳האָבענדיג אויף מיין עלענד, אַריינבריינגען צו אונז אין שטוב קליינע חברים און חבר׳טעס פאַר מיר, פון אונזערע שכנים׳ס קינדער, כדי איך זאָל מיך מיט זיי שפּיעלען. און איך פלעג צו זיי אפילו ניט צוגעהן. ווי אַלעמאָל בין איך געזעסען אויף מיין בּיינקעלע און געקוקט אויף זיי מיט אָפּענע, אומעטיגע אויגען.

— נו, נו, שפּיעל דיך, שפּיעל דיך מיט זיי - פֿלעגט מיר די אַלטע דינסט אונטערגעבען חשק און אַרויסגעהן אין קיך צו איהר אַרבייט.

די אַריינגעבראַכטע קינדער פֿלעגען מיך פֿריהער אָנקוקען מיט חשד, האַלטענדיג פֿערשעמט איין פֿינגערעל אין מייל, פּונקט ווי איך זאָל געווען זיין אַ דערוואַקסענער... דערנאָך הייבען זיי אָן פּאַוואָלינקע צוצוגעהן; אַ טראָט און אַ קיק, אַ טראָט און אַ קיק – און נעהמען זיך עוסק'ן מיט מיינע צאַצקעס, וואָס וואַלגערען זיך נעבען מיר. און איך ריהר מיך ניט פֿון אָרט. זיי לייגען מיר פֿאַר אָנטרייבען מיין הילצערנעם פֿערד'ל, אויספֿיהרען מיין קליינעם וועגעלע און איך גיב זיי אַ זאָג האַלב פֿערשעמט, האַלב בייז: „איך וויל ניט“ און ווידער געשוויגען.

דאַן הייבען די קינדער אָן צו לאַנגווייליגען זיך, נעהמען קוקען אויף מיר מיט אויגעלעך פֿול קינדערשער שנאה, מיט אָנגעבלאָזענע ליפּעלעך, פּונקט ווי איך האָב זיי בעליידיגט. און אין מיטען דערינגען, אָהן אַ שום סבה צעוויינען זיי זיך הויך אויפ'ן קול:

— מיר ווילען אַהיים... אַהיים... אַהיים...

מיין מאַמען קען איך ניט געדענקען, ווייל זי איז געשטאָרבען ווען זי האָט מיך געבאָרען. איהר בילד האָט זי נאָך זיך ניט איבערגעלאָזען.

מיין טאַטע — אַ לאַנגער יוד מיט אַ געלען, ווייכען באָרד, ניט איבעריגם קיין קלוגער — האָט מיך ליעב געהאַט. שטענדיג אָבער איז ער געווען פֿערטהון אין זיינע תבואה-געשעפֿטען. דער לאַסט פֿונ'ם מסחר איז געלעגען איינגאַנצען אויף איהם. קיין משרת האָט ער ניט געהאַט. פֿון קיין הויפּט-בוך, מעמאָריאַלען, פֿון קיין „זשורנאַל“ און קאַסע-בוך האָט ער ניט געהאַלטען. דעם אָרט פֿון אַ צווייטענדיגער-בוכהאַלטעריע האָבען ביי איהם פֿערטראָטען זיין מיטעלער מוח, די מאַסע בעוועגליכע קנייטשען אויף זיין אָבגעבראָכענעם שטערען און אַ סך, אַ סך שטיקלעך פּאַפּיר מיט רשימות און פּאַסקעס פֿון אַ בלייפֿען אין דער לענג און אין דער ברייט. מיט אַזוינע פּאַפּירלעך אין אַלערליי פֿאָרמאַטען זענען שטענדיג געווען אָנגעשטאָפּט זיינע וועסט-טאַשען, בוזעם-און הויזען-קעשענעס, זיין פּאַלטאָ, און פֿלעגען זיך אָנהייבען שיטען ווען ער פֿלעגט אַרויסנעהמען די נאָז-טיכעל.

אַ גאַנצען טאָג האָט איהם פֿערשלונגען די שטאָדט הינטער די ווענד פֿון אונזער שטוב. אַ פּראָווינציאַלע שטאָדט אין דער ליטא. מיטאָג פֿלעגט ער עסען געחאַפּט, געזופּט, געשלונגען, ווי אַ מענש, וואָס זיצט אויף נאָדלען — און ווידער אַוועקגעלאָזען זיך אין שטאָדט אַרײן. בײנאַכט איז ער געקומען שפּעט ווען די לאָדען זענען שוין לאַנג געווען צוגעמאַכט. איך האָב געשלאָפען אין בעט פֿון מײן געשטאָרבענער מוטער, וועלכע איז געבליבען שטעהן נעבען טאַטענ׳ס בעט פֿון איהר טויט אָן. און ווי נאָר מײן טאַטע איז אָנגעקומען פֿון גאַס, פֿלעגט ער בלײך צוגעהן צו מײן בעט און אַ פֿרעג טהון מיט זײן ווײכער, הײזעריגליכער שטימע:

— שלמה׳קע, דו שלאָפסט?

אַלס אַ קרענקליכער און עלענדער אין שטוב האָב איך זיך פֿון לאַנג אָן אײנגעוואָהנט צו שלאָפען בײטאָג, און דערפֿאַר האָב איך דערנאָך ניט געקאָנט אַנדרעמעלט ווערען ביז שפּעט אין דער נאַכט.

— נײן.

מיט׳ן טאַטען איז מיר ווייניג אויסגעקומען צו רעדען, ווענדען זיך צו איהם. און שווער איז מיר געווען אַרויסצורעדען: „טאַטע". איך פֿלעג שטענדיג זעהן איבערהופּען דאָס וואָרט ווי נאָר איך האָב געקענט.

— נײן? — פֿלעגט דער טאַטע איבערפֿרעגען אָהן אַ שום כוונה, אײנבויגען זיך איבער מיר מיט זײן לאַנגען קערפּער און אַרויפֿרוקען מיר מײן קאָלדרע ביז׳ן נאָז.

— שלאָף, שלאָף! — פֿלעגט ער מיר פֿערזאָגען, ווי זײן שטײגער איז, אויף אַ גאַנצע נאַכט.

און בײ אַ האַלבע שעה האָב איך נאָך געהערט, ווי דער טאַטע ציהט אַראָב זײנע לאַנגע שטיוועל אין דער פֿינסטערניש פֿון שלאָף-צימער און וואַרפֿט זיי אונטער מיט אַ פֿאָרזיכטיגען גראָבלען אונטער זײן בעט, ווי אַזוי ער רעדט צו זיך אַלײן פֿער׳דאגה׳עט מיט האַלבע ווערטער:

— הם... שוין צײט דאַכט זיך... אַ ודאי צײט... אַזוי לאַנג... קראַנק איז ער... שענע אָנווייזונגען... אַז מען קען ניט, קען מען ניט... נו — וועקסעלעך!... און עפּשטײנס נאַכנאַהמע ניט אײנגעצאָהלט? ניטאָ נאָך?... וואָס פֿאַר אַ מעשה?... אַז מען שמועסט

גאָרנישט ... האַ? נאָך אַמאָל.. ס'איז ניטאָ וואָס צו רעדען... אַהאַ...
יאָ... ס'איז אַ סברה... דאָס איז אַ סברה...

איך פלעג ליעבען צוהערען זיך צו זײַנע שטיקלעך ווערטער און פאָרשטעלען זיך וויפיעל מאָל עס קנײטשט זיך דעם טאַטענס שטערען אין דער פינסטער, בשעת ער רעדט אַזוי.

און אַז ער גיט שוין אַ קרעכץ און ציהט זיך אויס אויף זײַן געלעגער, דרעהט ער זיך אום נאָך אַ היבשע ווײַלע אויף זײַן גרויסער פערינע, דאַלבעט עפּעס פאַר זיך, און פּלוצלונג דערפיהלט זײַן מיעדער מוח, אַז איינער הערט זיך צו איהם צו... גיט ער אַ הויב דעם קאָפּ און אַ פרעג ווי זײַן שטייגער איז:

— שלמה'קע, דו שלאָפסט?

— ניין.

— שלאָף, שלאָף!

אָפּטמאָל, אין אַ ווײַלע אַרום, נאָך אַזאַ קורצען שמועס, פאַלט אויף מיר עפּעס אָן אַ קינדערשער שרעק: „ייאוּ בין איך דאָס דאָ?" איך נעהם זיך בעטען שטילערהייד, איבערהופּענדיג דאָס וואָרט „טאַטע":

— צינד אָן אַ ליכט, אָי, צינד אָן...

אָנשטאָט אַן ענטפער דערהער איך דעם טאַטענס מיעדען און צוריסענעם שנאָרכען. דאַן פלעג איך מײַן קליין קעפּעל בעהאַלטען אונטער דער קאָלדרע, כדי ניט צו הערען דאָס, און שווײַגען און שווײַגען.

איינמאָל פאַרנאַכט איז עפּעס דער טאַטע געקומען אַהיים פאַר דער צײַט. זײַן פנים האָט מיר אויסגעזעהן אַביסעל אַנדערש. זײַנע פער'דאגה'טע קנײטשען אויפ'ן שטערען האָבען זיך אויסגעגלײַכט. און אַ קליינע, פערבאָרגענע הנאה'לע איז געזעסען אין זײַנע שטענדיג-צוטראָגענע אויגען. ער האָט גענומען אומגעהן איבער'ן שטוב הין און צוריק, געקלאַפּט פוס אָן פוס, געהיקעט אין די דערפרוירענע הענד (אין דרויסען איז געשטאַנען אַ קאַלטער ווײַסער ווינטער). נאָר דאָס האָט ער גיכער געמאַכט פון צוטראָגענהייט — ווי פון קעלט.

איך בין געזעסען אויף מײַן קליינעם בענקעלע און מײַן פערקיהלטע האַלז איז מיר געווען פערבונדען מיט אַ וואָלענע זאָק מיט האָלץ, ווי דער שטייגער איז. אַ פּאָר מינוטען איז געווען אין שטוב

שטיל. ס׳האַרין האָט מיר געזאָגט. אַז באַלד וועט עפּעס דער טאַטע נעהמען רעדען צו מיר. און פּלוצלונג האָט ער ווירקליך אַ טראָט געטהון צו מיר און געפרעגט:

— ווייסטו, שלמה׳לע, ווי מען האָט גערופען דיין... דיין מאַמען?

איך האָב פערוואונדערט און מיט קינדערשער נייגעריגקייט אויפגעהויבען אויף איהם מיינע אויגען.

דער טאַטע האָט אַ פּנים ניט געוואַרט אויף אַזאַ קוק. ער האָט זיך אַביסעל צוטומעלט און פון צוטומלעניש גענומען פרעגען ביי מיר הויך אויפ׳ן קול:

— געדענקסטו ניט ווי די מאַמע האָט געהייסען? האַ? ניין?

איך האָב זיך דערשראָקען פאַר אַזאַ קול און האָב זיך צעוויינט. דער טאַטע האָט זיך איבער מיר איינגעבויגען און האָט מיך צומישטערהייד איבערגעבעטען:

— נו, נו, נ ח מ ה. געגונג צו וויינען... נחמה, נחמה האָט זי געהייסען... נאַרעלע, איך זאָג דיר דאָך נחמה... נו!

דער נאָמען נחמה האָט מיר אין דער פאָרשטעלונג אַרויסגערופען אַ פּאָר גוטע, בלאָהע אויגען, אַ גלאַטען, באַרעמהערציגען שטערען אונטער אַ שוואַרצען פאַריק מיט אַ ווייסען שטענגעל. וואו האָב איך דאָס געזעהען? ווען האָב איך זיך פון דעם דערוואוסט? איז דאָס געווען נחמה? מיין מאַמע? ווער האָט דאָס מיר דערציילט פון אַזאַ געזיכט? דער טאַטע? די קעכין?

אָרעם זענען געווען מיינע קינדער־יאָהרען אין איינדרוקען. אין ווערטער און אין שפּיעלען, אין הערען און זעהען, דערפאַר האָב איך בעקומען אַ טבע איבערצוחזר׳ען ווערטער און האַלבע ווערטער, וואָס איך האָב געהערט און זיי זענען מיר געפעלען געווארען. נאָכ׳ן שמועס מיט דעם טאַטען, אַז איך האָב זיך געשפּיעלט מיט מיין קליינעם, הילצערנעם זעלנערעל, האָב איך איהם געגלעט זיין קעפּעל, געשנעלט מיט רחמנות אין זיין פערפאַרבט נעזעל און בעמיהט זיך נאָכצומאַכען דעם טאַטענס קול:

— נו, נו, נחמה... נו, נאַרעלע, נחמה... איך זאָג דאָך דיר נחמה, הייסט וואָס ווייסטו?...

אין יענעם אָוועגד גופא, שפּעט בייַנאַכט האָט מיך דער

טאַטע געַנומען צו זיך אין בעט אַרײַן, ווידער אַמאָל ניט ווי געַ-וועהנליך, און האָט מיך גענומען אײַנשמועסען:

— ווילסט, אַז עס זאָל אַהער קומען אַ מאַמע, אַנ'אַנדער מאַמע... אַזוי ווי נחמה... זי וועט אויך זײַן אַ גוטע... וועט דיר קויפען צוקערלעך... ווילסט? מײַן זוהן...

איך האָב געשוויגען.

— זי וועט קאָכען גוטע זאַכען... אונזער דינסט, ברײַנע, קען אַזוי ניט קאָכען... קען ניט... אה, זי וועט מאַכען גוטע טײַגעכצלעך, קוגעל מיט ראָזינקעס... דו האָסט האָלט קוגעל מיט ראָזינקעס?

— האָלט... — האָב איך מיט אַנ'אומפאַרביגען קול אַ זאָג געטהון און אַביסעלע אָבגערוקט זיך פון'ם טאַטען. און מײַן קלײַן הערצעל האָט מיר עפּעס נבואה געזאָגט, נבואה געזאָגט אין דער פינסטער.

— זומער וועט זי דיך נעהמען שפּאַצירען אין גאָרטען... הײַסט דאָך, אין גרויסען שטאָדט-גאָרטען... גוט? זי וועט זײַן אַ גוטע מאַמע... יע?

— יע... — האָב איך נאָכ'ן טאַטען שוואַך נאָכגעזאָגט.

דאַן האָט מיך דער טאַטע פאָרזיכטיג גענומען אויף די הענד, ווי מען נעהמט אַ קלײַן קינד, גאָר אַ קלײַן קינד, און האָט מיך אַריבערגעלעגט צוריק אויף מײַן בעט, אַרויפגערוקט די קאָל-דרע און אַ זאָג געטהון ווי דער שטײַגער איז:

— שלאָף, שלאָף!

אָבער איך בין נאָך אַ לאַנגע צײַט געלעגען אין דער פינס-טער מיט אָפענע אויגען און געשעפּטשעט פאַר זיך:

— קוגעל מיט ראָזינקעס... קוגעל מיט ראָזינקעס... נחמה... שפּאַצירען אין גאָרטען... נחמה... נחמה...

---

אַ בעקאַנטע יודענע, מיט אָבגעהאַנגענע גרויסע ברוסטען, מיט פעטע, צושוואומענע געזיכט-שטריכען, פערוועלקטע און גראָ-בע, טיט רויטליכע אויגען אָהן ברעמען, איז געקומען און האָט זיך בעזעצט אין אונזער גרויסען, ווײַסטען וואָהנונג. אָנקומענדיג האָט זי אַרײַנגעבראַכט אין שטוב אַ גאַנצען „וואַגאָן" קישענס מיט

פערינעס מיט קישעלעך. און ביז מען האט דאס רעשטעל בעט־נעהאנד איינגעלעגט אין אונזערע בעטען, וועלכע זענען אזוי אויך געוועזען פול, איז דאס לופט פון אונזערע פיער צימערען מיט דער קיך געדיכט געווארען פון א סך דינינקע שטיקלעך פוך און פע־דערלעך...

א טרענער האט געשלעפט דאס בעטגעוואנד צו אונז אין שטוב אריין. און די דיקע יודענע — מיין שטיפמוטער — איז אזוי קאמיש ארומגעלאפען אהין און אהער א מיעדע, א פערשוויצטע און האט אלע וויילע אויסגעשריען מיט א היזעריגען קלינגענדיגען קול'כעל — א קול פון א הון בשעת כפרות־שלאגען:

— פ'ראן נאך... נאך קישענס... נאך... טראגט אריין...

ווי מיין מנהג איז, בין איך דאן געוועזען עפעס א שטיקעל חולה. און ביינאכט זענען מיינע חלומות געוועזען משונה'דיג. מיר האט זיך גע'חלום'ט, אז אונזער גאנצע וואהנונג ווערט אנגעשטאפט מיט קישענס און פערינעס, פון וועלכע עס זעצט א שטויב און עס פליהען פעדערלעך, און איך ווער דערשטיקט אונטער זיי און קען ניט שרייען. פון מינוט צו מינוט ווערט דער חלל פון אונזער הויז אנגעפילט מיט בעטגעוואנד. אט זענען זיי שוין דערגאנגען ביז די פענסטער, אט האבען זיי שוין בעדעקט אונזער גלעזערנעם אלמער, באלד וועלען זיי דערגרייכען ביז'ן באלקען. און א שווערע יודענע, א דיקע, א פערשוויצטע טאנצט איבער די קישענס און קאמאנדעוועט מיט א קוויטשענדיג קול:

— נאך קישענס... פ'ראן נאך... טראגט אריין... נאך...

מיין געלענער האט מען אריבערגעטראגען פון שלאף־צימער, וואו איך בין פריהער געשלאפען מיט'ן טאטען, און מען האט מיר אויסגעבעט אין עס־צימער אויף דער סאפע. פון דאן אן האט זיך דעם טאטענס בעציהונג צו מיר אביסעל געענדערט. אז ער פלעגט זיך אומקעהרען שפעט ביינאכט און אדורכגעהן פארביי מיין געלע־גער, פלעגט ער א פרעג טהון אין דער פינסטער:

— שלמה'קע, דו שלאפסט?

— ניין.

ער פלעגט שוין אבער ניט צוגעהן צו מיר, ניט ארויפרוקען מיר די קאלדרע, ווי זיין מנהג איז. ער פלעגט נאר א זאג טהון

זיין „שלאָף־שלאָף“, מעהר פֿון געוואָהנהייט אַלס פֿון ליעבע, און באַלד אַריינגעהן אין שלאָף־צימער...

און מיין קינדערשעס האַרץ האָט געפֿיהלט, אַז זי, נאָר זי, די דיקע יודענע, וואָס דער מאַמע וויל איך זאָל זי רופֿען „מומע“ אָדער נאָך בעסער „מאַמע“, נאָר זי איז שולדיג אין דער ענדערונג, וואָס איז יעצט געוואָרען אין׳ם טאַטענס בעציהונג צו מיר.

אָפֿטמאָל האָב איך געהערט אין דאָס פֿערקיהלטע פֿינסטער־ניש פֿון אונזערע גרויסע צימערען, ווי דער מאַמע שמועסט דאָרט עפּעס מיט איהר, סמאָרעט מיט די אויסגעטהוענע שטיוועל איבער דער פּאָדלאָגע און וואַרפֿט זיך אונטער זיין בעט... און איך האָב דאַן אַזוי מקנא געווען דער דיקער יודענע, אַזוי געבענקט נאָך דער מאַמעס בעט, נחמה׳ס בעט, וואו איך בין ביז אַהער געשלאָפֿען, נאָך דעם טאַטענס סאַפּען, ווען ער שלאָפֿט איין, נאָך זיין ווייכען הייזעריגליכען קול, וועלכער פֿלעגט זיך צו מיר ווען ניט איז ווענדען. איך האָב שטילערהייד פֿיינד בעקומען, זעהר פֿיינד בעקומען די גראָבע יודענע, וועלכע האָט דאָס אַלין אוועק־געריבט פֿון מיר, אַזוי רוהיג, אַזוי גלייכגילטיג... ניט רעדענדיג צו מיר, ניט פֿרעגענדיג ביי מיר קיין וואָרט.

אָבער די אויפֿפֿיהרונג פֿון דער פֿרעמדער יודענע אין אונזער שטוב האָט מיך ניט דערלאָזען, אַז איך זאָל איהר מיין שנאה אָפֿען אַרויסווייזען. איהר בעציהונג צו מיר איז געווען ניט קאַלט, ניט וואַרים. אָט די דאָזיגע צעשיואַמענע יודענע, וועלכע פֿלעגט שוויצען פֿון דער גרינגסטער אַרבייט, האָט דאַכט זיך גאָרניט געפֿיהלט מיין עקזיסטענץ; האָט גאָרניט געפֿיהלט, אַז אין שטוב דרעהט זיך אַרום אַ בלייכעס, קרענקליכעס קינד מיט אַ פֿערבונדענע וואָלענע זאָק אויפֿ׳ן האַלז. איהר וואַסערדיגער קוק, וועלכען איך פֿלעג ווען־ניט־ווען בעגעגענען, איז געווען פֿיל און גלייכגילטיג און מעהר גאָרנישט. אַזוי קוקט אַ דערוואַקסענער, סאָלידער מענש אויף די שטיבינע בעשעפֿעניש — אויף אַ הינדעל, אָדער אויף אַ קעצעל.

פֿיעל מאָל האָט זי אפילו פֿערגעסען אַ קוק צו טהון אויף מיר, — און פֿלעגט זיך אָן מיר דערמאָנען נאָר דאַן, ווען עס איז געקומען די צייט פֿון עסען אָדער — שלאָפֿען:

— שלמה׳קע — עסען, שלמה׳קע, געה שלאָפֿען...

אזוי דערמאָנט מען זיך אָן אַ קאַץ אויך... מען וואַרפֿט איהר אַראָב אַ ביינדעל און מען רופֿט זי צו: קטשי, קטשי, קטשי...

איך האָב שוין דאַן געלערענט אין „חדר" און אַז דער רבי איז געקומען בעטען שכר־למוד, האָט מיט איהם געשמועסט דער טאַטע, און „זי" איז געזעסען אויף דער סאָפֿע אַ ברייטע, אַ פֿוילע און האָט געגענעצט מיט אַ פֿערוויעלקטען, ברייטען מויל און ניט גערעדט קיין איינציגעס וואָרט.

אַז איך האָב ביי איהר וואָס ניט איז אַ פֿראַגע געטהון, — האָט זי געהאַט אַ טבע אויפֿצוהייבען אויף מיר לאַנגזאַם אַ פּאָר רויטליכע אויגען, וועלכע דריקען גאָרנישט אויס, און ענטפֿערען מיט אַ געגעץ:

— האַ—אַ—אַ? דאָרטען...

און אַ סך מאָל זענען אַריבערגעגאַנגען גאַנצע טעג און איך האָב מיט איהר קיין וואָרט ניט איבערגערעדט. אַזוי זענען אַריבער טעג, חדשים, יאָהרען... און איהר בעציהונג צו מיר, אַ בעציהונג אָהן אַ האָר ליעבע און אָהן אַ טראָפּען פֿיינדשאַפֿט — האָט אויף מיר געאָטהעמט מיט קעלט און מיט אַ קברים־ריח. דאָס האַרץ איז מיר דערשלאָגען געוואָרען, געוואָרען פֿערדונקעלט, פֿער־קנייטשט; האָט זיך פֿערקליבען ביי מיר אין ברוסט ערגעץ־וואו אין אַ ווינקעל און איז געוואָרען אונפֿעהיג צוצונעהמען אָדער אַרויסגעבען פֿון זיך אַ שטאַרקען געפֿיהל.

מיין פֿערבאָרגענע שנאה צו מיין שטיפֿמוטער האָט זיך ניט געקענט ענטוויקלען אונטער אַזאַ מאָרנע בעציהונג פֿון איהר צד צו מיר, און איז ווי מיט ראָסט בעדעקט געוואָרען. איך אַליין האָב שוין אויף איהר גענומען קוקען אָהן אַ שום געפֿיהל, ווי זי אויף מיר.

נאָר ווען־ניט־ווען פֿלעגט טרעפֿען, אַז איך זיץ ביינאַכט, נאָכ׳ן קומען פֿון חדר, אויף מיין אַמאָליגען ביינקעלע און וואַרעם די הענד נעבען הרובע, און הרובע ברענט האָליך. פֿייערדיגע מענשעלעך ווינקען דאָרט עפּעס מיט די אויגען, שטעקען אַרויס רויטע און בלאָהע העלישע צינגלעך. דער אָבשיין פֿונ׳ם פֿייער באַנצט פֿאַנטאַסטיש אויף די וואַנד. אויף דאָס אַלטע מעבעל און

הײַסט ווי מיטשפּרינגען שטומערהייד... אין דער לופֿט פֿיהלט זיך אַ ריח פֿון לאַנגווײַליגקײַט, אַ ריח פֿון עלענד, פֿון וואָכעדיגקײַט, פֿון אונצופֿרידענקײַט און נאָך עפּעס אַ ריח, דאַכט זיך דער ריח פֿון מײַן שטיפֿמוטער זעלבסט; איהר אָבגעלאָזענקײַט און צושוואַכינקײַט. דער טאַטע האָט זיך נאָך ניט צוריקגעקעהרט פֿון גאַס. מײַן שטיפֿמוטער דרעמעלט אויף דער סאָפֿע, אויפֿ'ן רעכטען מיטען סאָפֿע, דאָרט וואו זי האָט דורכגעבראָכען מיט איהר שווערען קערפּער עטליכע פּרוזינעס, און פֿײַפֿט מיט דער נאָז. און דאַן בין איך איינער אַליין, איינער אַליין אין דעם וויסטען, שטומען הויז, אײַנזאַם מיט מײַן קינדערשער נשמה, מיט מײַנע טריבע רעיונות... וואָס האָב איך דאַן ניט איבערגעקלערט? איך האָב געמוזט קלערען. קײַן אַבסאָלוטע לעדיגקײַט איז ניטאָ אין דער נאַטור. פֿערזייט מען ניט אַ פֿעלד, וואַקסען אויף איהר ווילדע, שטעכעדיגע גראָזען... איך האָב נאָר ניט געהאַט וועמען אַרויסצוזאָגען דאָס וואָס איך קלער... אַלץ וואָס איך האָב געהערט און געזעהען און געלערענט און פֿערשטאַנען בעקומען אין מײַן פֿאָרשטעלונג מגוזמ'דיגע געשטאַלטען, מאוס'ע און שוידערהאַפֿטע. אַלץ אַרום מיר איז אַזוי שטאַר, פֿערגליווערט. די וואָהנונג, דאָס מעבעל, די לופֿט אין צימער אַלץ האָט זיך אויף מיר אָנגעזעצט, אַלץ בעמיהט זיך שטאַר מאַכען מיר דאָס האַרץ, פֿערשטיינערען מײַנע געפֿיהלען... מיר האָט זיך דאַן אַזוי געגלוסט, מיט אַלע געפֿיהלען, מיט אַלע אברים, מיט מײַן גאַנצען „זײַן“ האָט זיך מיר געגלוסט, אַז מײַן שטיפֿמוטער זאָל מיך פֿון הײַנט אָן אָנהויבען עסען, פּײַניגען, זידלען מיך מיט וואָס אין אַ קאָרט, שטויסען... מסר'ען אויף מיר... (אַזוי ווי איך האָב געהערט אַ סך מעשות וועגען שטיפֿמוטערס פֿון מײַנע חברים אין חדר) כדי אַז איך זאָל זי אויך קענען פֿײַנד האָבען, ענטפֿערען איהר ענטקעגען, טהון איהר אין טוידט אַרײַן... עס פֿלעגט זיך מיר שטאַרק וועלען, אַז זי זאָל מיך אָנהויבען שלאָגען, מכבד זײַן מיט סטוסאַקעס, רײַסען פֿאַר די האָר, דאַן וואָלט איך איהר געוואָרפֿען אין פּנים אַרײַן אַלטע קאָלאָשען, איך וואָלט אײַנגעריכט מיט פּעך איהר נײַעם קאַפּאָט, איך וואָלט צוריסען איהר פּערינע, וואָס איז אַזוי גרויס און דיק ווי זי אַליין, נאָך גרעסער... וואָלט בײַ אונז די גאַנצע שטוב פֿול געוואָרען מיט פֿליהענדעס פּוך... דערנאָך וואָלט

איך אנטלאָפֿען אין בית-מדרש און וואָלט דאָרט גענעכטיגט אויף אַ באַנק ...

אַ בעזונדער זיסען שמערץ פֿלעג איך פֿיהלען בײַ אַזעלכע ראַבע-מחשבות. אַזוינע זיסע וועהטאָגען ווײס נאָר דער הונגעריגער, וועלכער האָט שוין עטליכע טעג נאָכאַנאַנד ניט געגעסען, קלע־רענדיג פֿון אַ געפּרעגעלטען שטיק גאַנז, פֿון זויערע קרויט מיט ווײַבע צוקאָכטע פֿלײש מיט פֿריש ברויט, וועלכע לאָזען הערען זײער ריח פֿון דערווײַטענס ...

---

איך בין אַלט געווען אַ יאָהר צעהן, ווען איך האָב אין אײן ליכטיגען שבת געלערענט פּרק אין „חדר". מיר זענען צוגעקומען צו דעם אַלטען שפּריכוואָרט: „מרבה בשר, מרבה רמה". ווער עס מעהרט זײַן פֿלײש — מעהרט זײַנע ווערים. דער רבי, מיט אַן אָפֿענער האָריגער ברוסט האָט געטרונקען טײ, געשוויצט און געקרימט זיך פֿון תענוג, און בשעת מעשה האָט ער געלערענט פּשט און ערקלערט אונז, אַז איטליכער וואָרים וואָס עסט אַ טויטען קערפּער, איז ווי אַנאָדעל אין לעבעדיגעם לײַב. באַלד האָב איך אַרונטער געלאָזען מײַן אַכט-יעהריגעם הענטעל אונטער'ן טיש, אַ טאַפּ געטהון מײַנע קלײנע, מאָגערע קניע און גלײַך האָט מיר אַבליץ געטהון אַ געדאַנקעל: „איך וועל שטאַרבען, געוויס וועל איך שטאַרבען ... אָבער ניט פֿיעל ווערען מיך די ווערים שטעכען, מכות וועל איך זײ געבען ... איך בין מאָגער ... אָבער מײַן שטיפֿמוטער — אָ האָ! זי איז אַזוי פֿעט און דיק ... אַ סך, אַסך ווערים וועלען זי פֿרעסען, אוי, וועלען זײ שטעכען ... אַסך, אַ סך נאָדלען ..."

די מחשבה האָט מיך אַרײַנגעבראַכט אין אַזאַ התפּעלות, אַז איך האָב מיך ניט געקענט אײַנהאַלטען און מגלה געווען נאָכ'ן לערנען מײַן חבר יאָסלען:

— ווײסט? מיך וועלען טאַקי עסען די ווערים אַביסעלע — גאָר אַביסעלע, אָבער מײַן „מומען" — אָ האָ!

יאָסעל, אַ חיטרער יונגעל מיט קאַסאָקע אויגען האָט גע־פֿונען פֿאַר נײטיג צו געבען צו מײַנע ווערטער אַ דעקאָראַציע:

— אָט ווי אין דער נבלה וואָס מיר האָבען געזעהען אונ־טער'ן בוים, אין גרוב ... געדענקסט ?

— יע ... נאָר מיך וועלען ווערים ניט עסען .

— אָה, דו קענסט נאָך דיק ווערען . . . מיין טאַטע האָט געזאָגט אַז מען קען ... אַז דו וועסט זיין אַ גרויסער ... מיט אַ באָרד,

מיין לוסטיגקייט איז גלייך פערשוואונדען געוואָרען . מיט שנאה האָב איך אָנגעקוקט יאָסלען, וועלכער האָט ביי מיר אַוועק־גערויבט מיין פרייד . דאָך האָב איך איהם מיט אַ אינערליכע זיכערהייט אָבגעענטפערט :

– ניין, ניין איך וועל קיינמאָל ניט זיין ... קיינמאָל ניט, וועסט זעהען, קיינמאָל ניט .

די דאָזיגע ווערטער האָב איך אַרויסגערעדט גאַנץ זיכער און מיט אַ געלאַסענער שטימע ווי אַ דערוואַקסענער . יאָסעל האָט זיך כמעט ווי דערשראָקען, פערוואונדערט אַ קוק געטהון מיר אין פּנים און אַנטשוויגען געוואָרען . ווי עס ווייזט אויס האָט מיין געזיכט דאַן אויסגעדריקט עפּעס אַזוינס, וואָס יאָסעל האָט נאָך קיינמאָל ניט געפיהלט אין זיינע חברים, ניט געזעהען ביי זייערע פּנים . פול מיט אונקלאָרע געדאַנקען בין איך נאָך דעם שמועס אַוועק אַהיים, אַריין אין שטוב, און ניט בעטענדיג קיין עסען, האָב איך מיר אַנידערגעזעצט אויף מיין בענקעלע אין ווינ־קעל און האָב זיך מתיחד געווען מיט מיינע יונגע, אומעטיגע מחשבות .

די זון האָט גענומען אונטערגעהן . רויטליכע שיין־פּלעקען האָבען געבלאָנדזעט אויף די ווענד, געקלעטערט אויף די מעבעל, אונזער וואָהנונג איז געווען לעדיג . דער טאַטע איז נאָך טאַ אַוועק דאַווענען מנחה . וואַרעמע גלעזער זענען נאָך געשטאַנען אַפען טיש, די דינסט איז אַרויס האַבען פרישע לופט . נאָר מיין שטיפמוטער איז געלעגען אויף דער סאָפע און האָט געדרעמעלט און ס'פּנים, איז איהר געווען אַזוי פערשוויצט, אַז ס'איז געווען אַ רחמנות צו קוקען . — אַז איך בין אַריין, האָט זי אויף מיר אפילו ניט אַ קוק געטהון, האָט נאָר אַ פרעג געטהון ווי אין הינערפלעט „ווער איז דאָס ?" און האָט ווייטער געדרעמעלט .

אויסער די שטענדיגע לאַנגווייליגקייט און עלענד אין אונ־זער שטוב, האָט דאָ נאָך יעצט אונגעשייבט עפּעס אומעטיגעס

הדיקענדעס: יענע אומעטיגע־פוסטקייט, וואָס קומט אָן און גנב'עט זיך אַריין אין נשמה ווען מען גייט איבער פון קדש צו חול, פון אַ הייליגער שטימונג צו אַ וואָכעדיגער, יענע פוסטקייט וואָס אַ מענש פיהלט אין האַרצען נאָך אַ גרויסער שמחה, אומקערענדיג זיך אַהיים נאָך אַ חתונה.

אַזאַ מין אומעט פלעגט מיך שטענדיג בעפאַלען ווען איך האָב געפיהלט אַז דער שבת הייבט אָן אַוועקצוגעהן. און אין אונזער שטוב, וואָס איז פיל פוילקייט און עלענד, האָט זיך דער דאָזיגער אומעט נאָך מעהר און נאָך שטאַרקער צו פלאָסען ווי אַן אָנשטעקענדיגע קרענק, ווי באַצילען וואָס פרובטפערען זיך און מעהרען זיך אין אונריינקייט, מיט וואָס זיי נעהרען זיך זעהר גערען...

און דער אומעט האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען מיט די אָנגעקומענע שאָטענס און ס'איז פון זיי געוואָרען איין גראָהער מיש־מאַש. דאָס האָט פאַמעליך בעלאַגערט מיין יונגעס האַרץ, וואָס איז בעהאַלטען ערגעץ וואו אין אַ פינסטערען ווינקעל אין אונזער שטוב.

און פלוצלונג האָט אַ פלאַץ געטהאָן די אומעטיגע שטילקייט אין אונזער הויז. אַן אומעטיגער, צוצויגענער קלונג פון קלויסטער־גלאָק האָט זיך אַריינגעריסען דורכ'ן פענסטער און צעשפאָלטען דאָס פערקיהלטע שטילעניש. צובראָקעלט האָט זיך דער אומעט און ס'זענען פון איהם געוואָרען אַסך, אַסך קליינינקע שטיקלעך, וועלכע האָבען געשפרונגען אַרום מיר, געקראָכען אויף די האָר, געשוועבט איבער'ן קאָפּ:

—בים באָם, בים—באָם...

און דער דאָזיגער ברומענדער קלונג האָט דאַכט זיך מזהיר געווען, געשראָקען: „ניט גוט, ניט גוט... היט דיך, היט דיך!"

פון דער צווייטער זייט האָט אין אַ ווייַלע אַרום דערגרייכט אַ טרויעריגער, צוצויגענער ניגון פון תהלים זאָגען אין בית־מדרש, וואָס איז געשטאַנען ניט וויַיט פון אונז.

— אַשרי—תמי—מי—דָרך, ההולכים בְתורת אֲדנָי —, —

אין דער תהלים ניגון און, להבדיל, דאָס קלינגען אין קלויסטער האָבען זיך ניט ווילענדיג צוזאַמענגעגאָסען, געבענקט, געבייפּט צום טאַקט איינער דעם צווייטען, האַרמאָניש געפלייצט

אינ'ם דונקעלען רוים נאָכ'ן זונען־אונטערגאַנג, פֿערגנבע'ט זיך אין האַרצען און איך האָב מיט אַמאָל דערפֿיהלט אַז איך בין עלענד.

טיעף, ביז צום וויינען האָט זיך מיר פלוצלונג פֿערוואָלט, אַז מיין קאָפּ זאָל ליעגען אין אַ ווייכען, וואַרימען שויס און אַ וואַרימע מאַמע־האַנד זאָל מיר גלעטען די האָר.

עטוואָס אַזוינס האָב איך מוצאי־שבת געזעהען ביי מיין חבר יאָסלען אין שטוב. זיין מאַמע האָט איהם געגלעט דעם קאָפּ אינ'ם אומעטיגען חושך, וואָס איז אָנגעקומען מיט'ן אויעקגעהן פֿון שבת און האָט געזונגען מיט אַ ווייכען, דינעם קול פֿאַר'ן אָנצינדען פֿייער:

— גאָט פֿון אברהמ'ן, פֿון יצחק'ן און פֿון יעקב'ן — — —

ווי ליעב איך וואָלט בעקומען מיין דיקע שטיפֿמוטער, ווען זי וואָלט גענומען מיין קאָפּ אין איהר שויס... ווען נחמה וואָלט געלעבט, די אמת'ע נחמה — וואָלט זי דאָס יעצט געטהון... נאָר ביי דער שטיפֿמוטער אין שויס איז אויך גוט צו ליעגען...

אָבער מיין שטיפֿמוטער איז האַלב־געלעגען אויף דער סאָפֿע, אַ שווערע, אַ פֿעטע, אַ פֿערשוויצטע אין איהרע צעשוואומענע אברים זענען געווען אָבגעלאָזען, אונבעוועגליך. —

איך האָב זיך ניט איינגעהאַלטען, אַליין צוגעגאַנגען צו איהר, ניט וויסענדיג וואָס צו זאָגען.

— עה... מאַמע... „מומע"...

און אין דער לופֿט האָבען בשעת מעשה געשוועבט: נחמה; אַ פּאָר בלאָהע אויגען אונטער אַ גלאַטען פּאַריק מיט אַ שטערנדל אין מיטען...

די „מומע" האָט זיך ניט געריהרט פֿון אָרט, ניט אַקוק געטהון אין מיין זייט. זי האָט נאָר מיר אַ פֿרעג געטהון:

— המ? עפעס? —

— ניין, ניין, גאָרנישט.

איך האָב זיך אָבגעקעהרט און געשטאַנען אַ ווייל'ע ניט וויסענדיג וואָס צו טהון, ס'האַרץ האָט אַזוי געקלעמט. און מיט אַמאָל בין איך צוגעטראָטען האַרט צו דער סאָפֿע, דאָס פּנים האָט מיר געפֿלאַמט, די ליפּען האָבען געציטערט:

— איך ווייס דאָס איז אַ ליגען... אַ גרויסער ליגען... דער טאַטע האָט מיך אויסגענאַרט... דו ביסט גאָר ניט ווי אַ מאַמע! זהום!

— דו בִּיסט נִיט אַזוֹי... אַזוֹי ווִי נחמה!

בּרעֶמעֶן אָהן האָר האָבּעֶן זִיךְ אַבִּיסעֶל אוֹיפגעֶהוֹיבּעֶן, און קלֵיינעֶ קאַלטעֶ אוֹיגעֶן האָבּעֶן אַ בּלִיק געֶטהוּן מִיט אַ וואַסעֶרדִיגעֶן גלאַנץ און אַ פעֶרוועֶלקטעֶר מוֹיל האָט אַ פרעֶג געֶטהוּן:

— נוּ?

אַ גאַנצעֶ חוואַליעֶ פוּן עזות און צאָרעֶן האָט מִיר אַ שטִיק געֶטהוּן אִין האַלז און אַרוֹיסגעֶרִיסעֶן זִיךְ מִיט אַנ'אוּננאַטִירלִיכעֶן, קִינדעֶרשעֶן קול:

— דוּ בִּיסט אַ נבלה! אַ נבלה! ווערִים ווֶעלעֶן דִיךְ עֶסעֶן... נבלה! אוּ — אוּ — !

— שאַ—שאַ! וואָס—אִיז? עֶסעֶן? — בּאַלד...

און זִי אִיז אוֹיפגעֶשטאַנעֶן שווער מִיט אַ זִיפץ געֶבּעֶן מִיר עֶסעֶן. פוּן פוֹילקֵייט, אָבּגעֶלאָזעֶנקֵייט און שווֵייס האָט זִי מִיךְ אַ פּנים גאָרנִיט פעֶרשטאַנעֶן. אִיךְ האָבּ זִיךְ פעֶרשעֶמט, און עֶטלִיכעֶ טעֶג נאָכאַנאַנד האָבּ אִיךְ אִיהר גלֵייךְ אִין דִי אוֹיגעֶן נִישט געֶקעֶנט קוּקעֶן. און אַז זִי האָט זִיךְ צוּ מִיר געֶווענדעֶט פלעֶג אִיךְ רוֹיט ווערעֶן.

דאָס אִיז געֶוועֶן מֵיין עֶרשטעֶר און מֵיין לעֶצטעֶר פּראָטעֶסט געֶגעֶן דִי לאַנגווֵיילִיגקֵייט, קעֶלט און ווִיסטקֵייט אִין אוּנזעֶר הוֹיז, אִין מֵיין גאַנצעֶן וועֶזעֶן... דעֶר אֵיינצִיגעֶר פּראָטעֶסט געֶגעֶן דעֶם גראָהעֶן, פעֶראַלְמֶנ'טעֶן לעֶבּעֶן אִין אוּנזעֶר שטוּבּ. אַ לעֶבּעֶן—אִין ווִעלכעֶן ס'אִיז נִיטאָ נִיט קֵיין לִיעבּעֶ, נִיט קֵיין שנאָה, נִיט קֵיין צִיעל, נִיט גאָרנִישט. אִין אַפִילוּ דעֶר אֵיינאֵיינצִיגעֶר פּראָטעֶסט אִיז געֶגאַנגעֶן לאיבּוּד, פעֶרלאָרעֶן געֶוואָרעֶן אַזוֹי ווִי עֶר אִיז געֶקוּמעֶן. און ווִידעֶר האָט אוֹיף מִיר געֶדרִיקט דִי שטִילקֵייט און לאַנגווֵיילִיגקֵייט אִין אוּנזעֶר שטוּבּ, וואָס ווערעֶן נאָר אִיבּעֶרגעֶרִיסעֶן בֵּייטאָג און בֵּיינאַכט דוּרךְ דאָס קלִינגעֶן פוּן עֶטלִיכעֶ מעֶסעֶר און גאָפּעֶל. און ווִידעֶר האָט מִיךְ פעֶרדוּנקעֶלט דִי בּעֶצִיהוּנג פוּן דעֶר שטִיפמוּטעֶר צוּ מִיר, ווֶעלכעֶ אִיז נִיט קאַלט, נִיט וואַרִים, ווִי אַ שטעֶנדִיגעֶר, לאַנגזאַמעֶר און געֶדִיכטעֶר שטוֹיבּ אִיז זִי אוֹיף מִיר געֶפאַלעֶן. און ווִיעדעֶר אִיז מֵיין שנאָה צוּ דעֶר „מוּמעֶן" פעֶרראָסטעֶט געֶוואָרעֶן, און אִיךְ בִּין צוּ אִיהר גלֵייכגִילטִיג געֶוואָרעֶן אַזוֹי ווִי זִי צוּ מִיר.

— — — דאַן אִיז געֶקוּמעֶן דעֶר רעֶגעֶנדִיגעֶר טאָג, נאָךְ

עֶטליכֶע הרשים פֿון קרייִנק און שרעֶקליכֶע וועהטאָגעֶן ביי מיין טאַטעֶן.

מיין טאַטעֶ איז געֶלעֶגעֶן אויף דעֶר פּאָדלאָגעֶ און ווייבעֶר, וועֶלכעֶ קעֶנעֶן גוט די מלאָכה פֿון וויינעֶן, האָבעֶן געֶקלאָגט מיט אַרויסגעֶשטעֶקטעֶ ליפּעֶן און אָבגעֶהאָנגעֶנעֶ נעֶזעֶר. מיט די ליפּעֶן האָבעֶן זיי געֶיאָמעֶרט ביז צום טייב ווערעֶן, און די נעֶזעֶר האָבעֶן זיי אַלעֶ ווײַלעֶ געֶשנייצט אין די פֿאַרטוכעֶר אַריין. צו ליעב שטאַרקײט וועֶגעֶן. און איך בין געֶשטאַנעֶן אַ בלייכעֶר, אַ קאַלטעֶר און האָב ניט געֶוויינט. פֿון די געֶשרייעֶן האָט נאָר וועה געֶטהון אין די אויעֶרעֶן, אָבעֶר זיי האָבעֶן מיך ניט איבעֶרראַשט; פּונקט ווי איך וואָלט געֶבאָרעֶן געֶוואָרעֶן און דאָס גאַנצעֶ לעֶבעֶן פֿעֶרבראַכט אין אַזאַ סביבה. טעֶמפּ בין איך געֶוועֶן צו דעֶר גאַנצעֶר יְלָלָה און האָב מיר געֶקלערט מײַניגעֶס. אַזוי פֿרעֶמד און נײַ און אינטעֶרעֶסאַנט איז געֶוועֶן דעֶר לאַנגעֶר קאַלטעֶר קעֶרפּעֶר, די איינגעֶפֿאַלעֶנעֶ באַקעֶן מיט די געֶלבליך־סיווע האָר און די קנייטשעֶן. מיט אַ בעֶהאַלטעֶנעֶם, טיעֶפֿעֶן אינטעֶרעֶס האָב איך געֶקוקט אויף די ליכט, וועֶלכעֶ ברעֶנעֶן דעֶם בר־מינן צוקאָפּעֶנס. ביי זייעֶר פֿלאַמעֶרדיגעֶן, געֶלעֶן אָבשיין האָט אויסגעֶוויזעֶן, אַז די בלאָהליכעֶ ליפּעֶן בעֶוועֶגעֶן זיך און דעֶרצעֶהלעֶן... מיך האָט אַזוי פֿעֶרדראָסעֶן וואָס מעֶן האָט אַזוי גיך איבעֶרגעֶדעֶקט דעֶם טויטעֶן קאָפּ מיט אַ שוואַרצעֶר פֿלאַכטעֶ... עֶס איז דאָך געֶוועֶן אַזוי מאָדנעֶ אינטעֶרעֶסאַנט!... צוליעב וואָס שרייעֶן די ווייבעֶר אַזוי? זיי וואָלטעֶן בעֶסעֶר געֶשוויגעֶן וואָלט בעֶסעֶר געֶוועֶן: שטיל, שטיל אַרום... די ליכט ברעֶנעֶן גלייכעֶ, שלאַנקעֶ און ווייסעֶ מיט געֶלבעֶ פֿײַעֶרלעֶך, מיט בלאָהעֶ ציננגעֶלעֶך אין מיטעֶן... די טויטעֶ ליפּעֶן ציטעֶרעֶן אין זייעֶר אָבשיין... צו ליעב וואָס זעֶנעֶן די איבעֶרגעֶקעֶהרטעֶ שפּיגלעֶן, די קאַלטעֶ, פֿעֶרלאָזעֶנעֶ טעֶפּלעֶך אין דעֶר קיך? דאָס איז אַלץ אַזוי שוועֶר, אַזוי איבעֶריג...

איינעֶ אַ יודעֶנעֶ איז צו מיר צוגעֶגאַנגעֶן און אַ שעֶפּצעֶ געֶטהון אין אויעֶר:

— וויין, נאַרעֶלעֶ!... דאָס איז דאָך דיין טאַטעֶ... דעֶר טאַטעֶ איז געֶשטאָרבעֶן.

און איך האָב ניט געֶוויינט, איך האָב זיך נאָר שטאַרק פֿעֶרוואונדעֶרט און אַוועֶקגעֶרוקט זיך אין אַ ווינקעֶל ביז מיין בושה איז

אַריבער . און ווידער האָב איך שטיל גענומען אַרויסקוקען און בעָ-
טראַכטען דאָס גאַנצע געוויינעריי, די אַבלות, דעם טאַטענס געבער-
דעלטע קאָפּ מיט די אַראָבגעהאַנגענע ברעמען, וואָס איך האָב
געפֿיהלט אונטער דער יאַרצער פֿלאַכטע און האָב ניט פֿער'שטאַ-
נען פֿאַר וואָס איך וויין ניט .

און בייַנאַכט, נאָך דער קבורה . אַז איך האָב זיך געלעגט
שלאָפֿען , האָבען זיך נאָך פֿון מיין פֿאָרשטעלונג ניט אויסגעוועפּט
דער רֵיחַ פֿון טוידט, דער ריח פֿון די רעצעפּטען, פֿון קאַרבאָל ,
פֿון אייז-פּענכערם, וועלכע זענען עטליכע חדשים נאָכאַנאַנד געווען
אָנגעלעגט און אָנגעשטעלט אין אַלע צימערען . דאַן איז בייַ מיר
פּלוצלונג אין מיערען מוח אַרויסגעשוואומען אַ קלאָרע מחשבה :
אַז איך וועל אויך שטאַרבען , נאָר באָרד און וואָנצעס אַזוי ווי בּיַ'ם
טאַטען וועלען בייַ מיר ניט זיין .. קיין מעבעל און קיין הויז וועל
איך נאָך דאַן ניט האָבען ... ווייבער וועלען ניט וויינען נאָך מיר ,
וועלען ניט שנייַצען די אָבגעהאָנגענע נעזער אין זייערע פֿאַרטוכער ..
געוויס וועל איך שטאַרבען , כ'וועל שטאַרבען .

אפילו יעצט פֿיהל איך נאָך , אַז מיינע קינדערשע מחשבות,
וועלכע האָבען בייַ מיר שטענדיג געבלאָנדזשעט אין מוח ווי אונ-
געשטאַלטיגע . שיטערע נעבלען, האָבען דאַן בעקומען זייערע ער-
שטע , פּעסטגעשטעלטע שטריכען . —



# קאפיטעל דריי.

29 טעג אין אלול.

יעצט ווען איך רוף ארויס אין מיין פארשטעלונג און לייען שריפטליך די פאקטען פון מיין לעבען, די שוויינענדיגע, קאלטע און דונקעל־טריבע ווי הערבסט־שאטענס; יעצט ווען איך טאפ איבער יעדען איינציגען פון מיינע זכרונות, פיהל איך: אז נאך דאן, אין מיינע קינדער־יאהרען איז אין מיר אריינגעפאלען יענער קערענדעל. יענער געדאנק. די אטמאספערע אין אונזער שטוב, די בעציהונגען פון מיין שטיפמוטער צו מיר, מיין פאטער — וואס זיינע געשעפטען זענען געשטאנען צווישען מיר און איהם ווי אן׳אייזערנע וואנד, זיי, נאר זיי האבען אין מיר געבארען יענע קאלטע זאך, וואס איז אראבגעפאלען און פערזונקען געווארען אין גרונד פון מיין נשמה, און מען קאן עס שוין פון דארטען ניט ארויסשלעפען.

פאמעליך, פאמעליך האט אויפגעשפאלטען דאס קערענדעל און אנגעהויבען זיך צו ענטוויקלען, ביז עס האט בעקומען טיעפע ווארצלען, ביז עס איז צייטיג געווארען און ס׳איז געקומען די צייט צו עסען זיינע גיפטיג־זיסע פרות, ארויספיהרען איהם און בענוצען זיך מיט איהם... ווארום צוליעב וואס, איינענמליך, האב איך געקויפט דעם רעוואלווער?

ניין, ניט פלוצלונג איז צו מיר געקומען דער געדאנק. קיין שטארקע איבערקעהרעניש אין מיין אינווענינסטער וועלט האט איהם געבארען, אזוי ווי עס טרעפט דאס רוב מאל ביי זעלבסט־מערדער. איך האב קיינמאל ניט געקאנט פאלען, ווייל קיינמאל האב איך קיין הויכען פינטעל ניט דערגרייכט. טרעפעניש׳ען, קליינע פאקטען, לאנגווייליגע יסורים׳לעך, א לאנגע קייט פון דונקעלע טעג, האלב געגעסען, האלב געשלאפען, אנ׳אינערליכער שטאלץ און אויסערליכע שטענדיגע בזיונות׳לעך, געלעכטער׳לעך און אונאנגענעהמקייטען פון מענשען, שטארקע תאוות און שוואכע הענד... פיצלעך האפנונגען, וועלכע האבען ניט געקאנט אויסגע־

פֿיהרט װערען, דאָס אַלײן האָט פּאַמעליך אונטערגעגראָבען און צושטערט מײן נאַטירליכען חשק צום לעבען, און האָט מיך געמאַכט פֿאַר אַ כּלי, װאָס איז ניט פֿעהיג צו צונעהמען דאָס לעבען.

ביסלעכװײז, ביסלעכװײז אַזױ װי עס װאַקסט אַ בױם אָהן זונען־שײן, אַזױ װי עס שפּראָצט אַ דאָרן אָהן רעגען, איז אױפֿגעגאַנגען דער געדאַנק אין מײן װיסטען האַרצען. טעג און יאָהרען האָט ער זיך געװעבט בײ דעם טאַטען אין שטוב און איך האָב ניט געפֿיהלט. דערנאָך איז ער געװאַקסען װײט פֿונ'ם טאַטענס הױז, אין דער פֿרעמד, אין הונגער, אין עלענד און איך האָב נאָך אַלײן ניט געזעהען זײן בעשטימטעס געשטאַלט, ביז ער איז יעצט צײטיג געװאָרען און האָט זיך אַנידערגעשטעלט פֿאַר מײנע אױגען מיט זײן גאַנצער קאַלטקײט און האַרטען אַקען, מיט אַלע זײנע פֿערשטײנערטע פֿעסטגעפּרײגטע פּרטים: „פֿערלאָזען דאָס לעבען".

און צוזאַמען מיט'ן געדאַנק איז אױך צײטיג געװאָרען דער רצון אױסצופֿיהרען די זאַך, ברענגען די לופֿטיגע מחשבה צו דער טהאַט... איצטער, למשל, ליעג איך מיר אױף דער סאָפֿע און גענעץ, און קײן זאַך אין דער װעלט ציהט מיך ניט צו זיך! און אין אײן העלען אָדער דונקעלען פֿריהמאָרגען איז מעגליך, אַז איך זאָל זיך מיט אײן מאָל אַ הױב־טהון, אַרױסנעהמען דעם רעװאָלװער, אַ בליק טהון דעם לעצטען מאָל אױף די מױערען, װעלכע קוקען צו מיר אַרײן טאָג־טעגליך אַזױ פֿאַמיליער און נײגעריג אין פֿענסטער און האָבען מיר דערעסען, און גענוטען און אַרײנגעשאָסען זיך אין ברוסט אָדער אין שלײף; און מײן האַנד װעט ניט אַ ציטער טהון, און מײן האַרץ װעט ניט קלאַפּען. יאָ, איך פֿיהל עס! און איך בין גליקליך, װאָס איך האָב צו דעם דעם שליסעל. דער שליסעל צו דעם טױדט איז בײ מיר אין די הענד.

אָט די קאַלטע פֿרעמדע, פֿרעמדע מענשען, װעלכע לױפֿען יעצט אַרום אין די גאַסען פֿון שטאָדט, ניט דורכגעלעבט נאָך הײנטיגען טאָג און דאגה'נען שױן פֿאַר מאָרגען, אַז זײ װאָלטען געװאוסט װאָס עס טהוט זיך מיט מיר, די מחשבה, װאָס איך טראָג אין האַרצען און דאָס גלאַנצענדיגע „זאַך". װאָס איך טראָג אין קעשענע, טײל פֿון זײ װאָלטען טעמפּ און „אָפּטעמיסטיש" געשמײכעלט, טײל — װאָלטען בעדױערט. נאָר אַלע װאָלטען זיך

געקלערט: „אַ משוגעת!“ — זאָל זײַן אַזוי... און איך רעכען זײַער לעבען פֿאַר אַ משוגעת. דער עיקר איז דער טעם פֿון דער זאַך. זיי האָבען אַ טעם צו לעבען און איך האָב מיר אַ טעם צו שטאַרבען. קומט אויס, אַז איך בין מיר אַ גאַנץ בעזונדערער, קלײַנער אמת פֿאַר זיך, און זיי זענען אַן אַלגעמײַנער, גרויסער אמת פֿאַר זיך. אויף דער וועלט זענען דאָ אַ סך אירעאַלען און אמונות. וועלכע זענען זעהר, זעהר ווײַט איינער פֿון צווייטען. איטליכער אירעאַל האָט פֿײַנד דעם אַנדערן. איטליכע אמונה קאָן ניט לײַדען איהר חבר'טע, און פֿונדעסטוועגען בלײַבט איטליכער שטאַרק און זיכער פֿאַר זיך. ווײַל איטליכער פֿון זיי האָט זיך זײַן אמת.

עס איז מיר כמעט ווי אַנגענעהם צו פֿיהלען, ווי איך בעוועג זיך אין די גאַסען מיט דעם טוידט־געדאַנק טיעף אין האַרצען. מײַן קערפּער, מײַנע נאַטירליכע בעוועגונגען, מײַן גאַנצע געשטאַלט — דאָס אַלץ איז נאָר ווי אַ דיקע, האַרטע שאָלעכץ אויף מײַן בעהאַלטענעם רעיון. אַרום מיר לויפֿט אַלץ, בעוועגט זיך, זוכט, האַפּט, ברומט, פֿײַפֿט. קלינגט און איך בין ווי אַ שטיקעל טוידט אין רעכטען מיטען לעבען, און דאָס לעבען קען מיך ניט איבערקאָכען. איך בין פֿערגליווערט און רוהיג. אַזאַ רוהיגקײַט ווייס נאָר דער פֿעלז. וועלכער שטעהט אין מיטען דעם ברויזענדעם ים. חוואַליעס לויפֿען, שטויסען איינע די צווייטע, זענען אַזש משוגע פֿון צופֿיעל קראַפֿט און ענערגיע, האַמפּערען זיך צווישען זיך, און דער פֿעלז שטעהט, זײַן שטערען איז גערונצעלט און פֿרעגט: „צוליעב וואָס דאַרף מען דאָס אינגאַנצען? מען קען דאָך בעסער שטעהן אַזוי און זײַן פֿערשטײַנערט!“

— פֿאַרוואָס לויפֿסטו ניט? פֿאַרוואָס ברילסטו ניט אַזוי הונגעריג ווי מיר? — פֿרעגען איהם די חוואַליעס.

— איך בין שטײַן — ענטפֿערט דער פֿעלז — איך האָב מיר מײַן אמת.

נאָך צוויי וואָכען, אפשר אינגאַנצען — נאָך איין וואָך, וועט דאָס מיר אינגאַנצען שווער ווערען, וועט מיר דערעסען שטעהן אַזוי און צוקוקען זיך ווי אַנדערע לעבען, ווי אַנדערע אײַלען זיך און נעהמען און גיבען — און דאַן...

נאָך איין חשבון דאַרף איך ענדיגען מיט'ן לעבען. איך ווייס

ניט צי ער איז גרויס, צי קליין. איך ווייס נאר, אז אָפטמאָל האָב איך נאָך איהם שטאַרק געבייינקט.

און איך וויל ניט פֿערלאָזען דאָס לעבען, ניט פֿערענדיגען דיג דעם דאָזיגען חשבון. איך וויל ניט, אז אין דעם לעצטען מאָמענט, פֿאַר'ן שטאַרבען, זאָל זיך מיר דוכטען, אַז ס'איז פֿון מיין זייט אַ פֿעהלער צו פֿערוואַרפֿען דאָס, וואָס הייסט לעבען, אין דער' צייט, ווען אַ פֿערבאָרגענע זייט, פֿול מיט סודות, איז נאָך בעהאַלטען פֿון מיר אונטער אַ דונקעלען פֿאָרהאַנג און איך האָב עס קיינמאָל ניט אָנגעזעהן. איך מוז דאָס פֿערזוכען פֿאַר'ן טוידט, כדי איך זאָל שטאַרבען אָהן אַ פּיצעל בענקשאַפֿט צו דאָס לעבען, וואָס איך האָב פֿערמאוסט. איך האָב געוואוסט אין מיין ביסעלע יאָרען הונגער און זאַטקייט, האָפֿנונג און יאוש, גוטע שטימונגען און שלעכטע, טיעף־פֿערבאָרגענע לוסט און אונענדליכען, אונציעלבאַרען אומעט; נאָר איין זאַך האָב איך נאָך ביז אַהער ניט געוואוסט: די פֿרוי.

ביי היינטיגען טאָג בין איך אַלט אַ יאָהר צוואַנציג און די פֿרוי אָדער קלאָרער געזאָגט: די נקבה — האָב איך נאָך ניט געוואוסט. זאָל זיין וואָס עס ועט זיין. איך וועל זי וויסען איידער איך וועל שטאַרבען!

אפילו „אַזוי" פֿרויען. וואָס איך האָב נאָר פֿערזענליך געקענט און בעגעגענט, זענען זעהר וועניג אין מיין לעבען; אָבער אַ סך האָב איך פֿון זיי געהערט און אַ סך — געלעזען איבער זיי. איך קען גוט די געדרוקטע פֿרוי. די פּאַפּירענע...

און ס'פֿלעגט מיר אָפֿטמאָל אַזוי באַנג טהון. אַזוי באַנג טהון, וואָס איך בין אפילו ניט אַ שאָטען פֿון אַ וועלכען ניט איז „העלד" אין פֿערפלאָנטערטע ראָמאַנען — פֿול מיט זודיגער תאוה און חאונדערליכע געשיכטען. עס פֿלעגט מיר אָפֿטמאָל באַנג טהון, וואָס איך בין ניט יענער העלד, וועלכער גנב'עט זיך אַריין ביינאַכט דורכ'ן פֿענסטער צו אַ גרעפֿין — אַ בעוואוסטע שענהייט, בשעת איהר מאַן איז אין פּאַלאַץ ניטאָ. — און ס'טהוט מיר אַזוי וועה. וואָס איך וועל זיין געניט צו קויפֿען די פֿרוי פֿאַר גראָשענס. איך ווייס און איך פֿיהל גאַנץ גוט, אַז אין יענעם הויז וועל איך אַ האָר ניט בעקומען פֿון דער אמת'ער ווייב, וואָס איז פֿול מיט פֿייער, שלאַנגישע־ביוגזאַמקייט, קאַפּריזען און צערטליכקייטען; די

פֿרױ, איבער װעלכער איך האָב אַזױ פֿיעל געלעזען, אַזױ פֿיעל געהערט און אַזױ פֿיעל געטראַכט...

אָבער אַצינד איז מיר דען ניט אַלץ אײנס? איך װיל נאָר יוצא זײן פֿאַר זיך אַלײן, פֿאַר מײן נאַטירליכען, פֿערבאָרגענעם אינסטינקט. די פֿרױ איז דער טפל, דער עיקר איז דער טױדט, װאָס װעט קומען נאָך דער פֿרױ... מיט עקעל װעל איך דאָס ערפֿילען, אָבער איך װעל ערפֿילען. פֿאַר גראָשענס? זאָל זײן פֿאַר גראָשענס. פֿאַר גראָשענס פֿלעג איך שטענדיג קױפֿען ברױט מיט טײ. פֿאַר גראָשענס האָב איך שטענדיג געקױפֿט געניצטע ביכער מיט פֿערשמאָלצענע קאַנטען. אַז מײן עלענד האָט מיך צוגעשטיקט האָב איך געקױפֿט פֿרײד — איך פֿאַר גראָשענס: געמײנע פֿלעצער אין טעאַטרען ערגעץ־װאו אױף דער גאַלעריע, געמײנע פֿלעצער אין צירקען, װעלכע גיבען זיך אָב מיט פֿערדען־מיסט. גראָשענס האָב איך שטענדיג בעקומען פֿאַר לעקציעס. מײן גאַנצעס לעבען איז אַ לאַנגע, שמאָלע קײט פֿון צוזאַמענגעזעצטע גראָשענס. פֿאַר׳ן לעצטען גראָשען און צום לעצטען מאָל װעל איך קױפֿען די װײב, אַלץ װאָס איך האָב געזעהען אין הײסע טרױמען בײנאַכט. נאָך אײן פֿערשימעלטער גראָשען װעט זיך צוקײטלען צו מײן לעבענס־קײט און... דער חשבון װעט שטימען.

---

11 טעג אין תשרי.

---

אַ טאָג פֿון דינע איבערלעבונגען און שאַרפֿע אײנדריקען איז בײ מיר געװען דער נעכטיגער טאָג.

יום־כפור איז עס נעכטען געװען. יודען, פֿערשמאַכטע פֿון תענית, האָבען װי שאָטען אַרומגעבלאָנדזשעט הין און צוריק אױף די טראָטואַרען, צװישען אײן תפלה און דער צװײטער, נאָכדעם װי זײ זענען הײזעריג געװאָרען פֿון צופֿיעל בראָקען אין „מחזור". יודען האָבען געפֿאַסט און מקבל געװען די יסורים פֿון פֿאַסטען מיט ליעבע, מיט בלײכליך־אױסגעצױגענע געזיכטער און מיט הכנעה. האָבען אַלע װײלע געשמעקט, װער טאַבאַק, װער „טראָפּענס" פֿון פֿלעשעלער, כדי צו ערפֿרישען זיך; האָבען געגאָסען און געשאָקעלט מיט די קעפּ פֿון חיות. דער אַלגעמײנער יום־כפור־דיגער

יום־טוב־תענית, האט דאַכט זיך געוויִרקט אפילו אויף די מויע־רען, אויף דעם ברוק, אויף די שמאָלע פּאַסקעָלעך הימעל אין דער הויך... די הײַזער אַליין זעָנען געשטאַנען הײליגע, בלײַכע מיט אַ מיִעדען שמײַכעלע און האָבען זיך צוגעהערט מיט פערגלאַנצטע שויבען צו די געזאַנגען און תּפלות, וועלכע גיסען זיך פון אַלע זײַטען.

דאָס אַלץ איז נאָר געווען אין די יודישע גאַסען; און הינ־טער די דאָזיגע גאַסען און געסעלעך האָט דאָס לײַדענשאַפטליכע לעבען געבּרויזט ווי תּמיד. דראָזשקעס האָבען זיך געטראָגען מיט אַ ווילדען געפּילדער; און די מענשען, פּונקט ווי זיי וואָלטען זיך פערוואָטען: ווער וועמען וועט אַריבּעריאָגען, האָבען זיך געאײַלט, געפלויגען העָנדום־פּעָנדום דער אַנטקעגען דעם, דער פערבײַ דעם, דער הינטער דעם. ווי נעבּטען און ווי אײַערנעכטען האָבען גע־בּראַנקט די גרויסע, געפּוליִרטע שויבען פון רײַכע מאַגאַזינען, און שמײַכלענדיג מיט אַנ'אײַביגען שמײַכעל פון קאַלטען, געשלי־פּענעם גלאָז, האָבען זיי געוואונקען אויף אַלע זײַטען, געקיצעלט די שוואַרצאַפּלען פון טשיקאַווע מענשען; פערהיפּנאָטיזירט די דורכ־געהער, זיי זאָלען זיך אַ ווײַלע פערגעסען, אַז מען מוז לויפען און איבּעריאָגען, און זאָלען זיך אָבשטעלען בעטראַכטען די גוטע זאַ־כען, וואָס פינקלען הינטער זיי...

איך בין נעכטען שפּעט געשלאָפען, און אויפחאַפּענדיג זיך אַביסעל מיִעד פון דער פעטער „כפּרה", וואָס איך האָב דעם פאָריגען פאַרנאַכט געגעסען. האָב איך אַ קוק געטהון אויפ'ן זייגער און דערזעהען, אַז עס איז שוין האַלבער טאָג.

אַ מאָדנער בעהאַלטענער געפיהל, אַ שוואַכער און אַ שענער, ווי אַ גוטס'דיגער אָבקלאַנג פון קינדער־יאָהרען, האָט מיך געשטופּט אין שול אַרײַן און איך בין אַהין אַוועק.

אין שול אָבער האָט מען מיך ניט אַרײַנגעלאָזען, ווײַל איך האָב זיך ניט פערזאָרגט פאַר די ימים־נוראים מיט אַ בילעט. בין איך מיר געשטאַנען אויפ'ן גאַס און זיך צוגעהערט: דער חזן זינגט, די משוררים העלפען אונטער... ווײַבער לייענען תּחינות און וויינען. זיי פיהלען אַ פּנים איצטער, אַז מען וועט שטאַרבען. האַ—האַ. — יודען זיפצען... וואָס פאַרא זיפצעניש אויף זיי? זיי

אַרט דען, וואָס איך וועל מיך דעם שאַרבען דורבשיסען, וואָס? פּרנסה דאַרפען זיי, פּרנסה. אָט דאָס יאָ.

און אין מיטען דרינען בין איך אַנ׳אָנגעצונדענער געוואָרען אויף זיך אַליין:

— איך דאַרף אויך האָבען פּרנסה? געזונד? לאַנג לעבען? וואָס שטעה איך דאָ?

בין איך דאַכט זיך געוועזען אין כעס, אַ? היינט פאַרוואָס האָבען זיך מיינע ליפּען צעציטערט און צעשמייכעלט זיך אָהן מיין ווילען?

האָב איך מיך אַלאָז געטהון צו יענע געפּוצטע גאַסען, וועלכע ברומען הונגעריג אין ליאַרמען אַזוי ווי אַלעמאָל. דאָרטען איז ניט געוועזען אפילו אַ שאָטען פון תענית און פון תפלות.

האַסטיג, מיט אַ פערקאָכט האַרץ, פּונקט ווי איך וואָלט זיך אָן איינעם נוקם געוועזען, בין איך אומגעגאַנגען פון איין קאַװיאַרניע צו דער צווייטער, פון רעסטאָראַן צו רעסטאָראַן, און האָב זיך ניט געקענט בערוהיגען.

די גוי׳שע רעסטאָראַטאָרס, ווי בעוואוסט, פרעגען זיך תמיד נאָך וועגען דעם יום-טוב, ווייל אַלע יודען מעגען עסען טרפה׳ס. און אָט איז ענדליך געקומען דער לאַנג-ערוואַרטעטער יום-טוב. די רעסטאָראַטאָרס לייכטען פאַר נחת. שפּרינגען אונטער און פערניגען זיך מיט אַ שמייכעלע איטליכען גאַסט בעזונדער. אַ סך יודישע יונגעלייט זיצען אין עסען און טרינקען און רויכערען און שפּיעלען שאַך און „דאָמקע“. אַלע ווילע וואַרפען זיי אַ קוק מיט חשד אויף דער טהיר, וועלכע קלינגט ביים עפענען און פערמאַכען זיך...

איך געפין מיר אַ ווינקעל, זעץ זיך אַנידער, טרינק און מאַך זיך ניט זעהענדיג, כדי עס זאָל מיר ניט אויסקומען שטויסען מיט מיינע בעקאַנטע, וועלכע איך בעמערק צווישען די יונגע לייטלעך. איינער פון זיי איז דאָך צו מיר צוגעגאַנגען, אונטערגעוואונקען מיר, געטהון מיר אַ צוליעב און אָבגעזאָגט אַ חכמה: „אַ שטייגער, מיט יויפיעל קישקעלעך און קאַווע האָסטו זיך היינט פערפאַסט?“ און איך האָב איהם מיט האַרץ איבערגעריסען, אַ זאָג געטהון, אַז די קאָפּ טהוט מיר וועה און געבעטען לאָזען מיך צורוה.

קעלנערס מיט ווייסע פאַרטוכער, מיט אַנשטענדיגע עלאַס-

טישע טריטעלעך, האָבען מיך בעדיענט. מיט אַ זיסער הכנעה האָבען זיי מיר דערלאַנגט אַלץ, וואָס איך האָב געבעטען. לסוף אַז איך האָב פערלאַנגט אַ קאָטלעט אַ לאַ מאַרשאַל מיט ווײַן, זענען זיי געוואָרען אַזוי זיס, אַז מיר איז נמאָס געוואָרען דאָס עסען און כ'האָב פערלאָרען דעם אַפּעטיט.

איך האָב פון אַלעמאָל אָן פײַנד דאָס קעלנער-פּאָדק, וואָס זעהט פאַר זיך נאָר צוויי מינים מענשען: גוטע, אַנשטענדיגע מענשען, וועלכע לאָזען איבער צוואַנציג גראָשען טרינק-געלד און שלעכטע, קליינע מענשען, וועלכע לאָזען גאָרנישט איבער, אָדער אַביסעל ווייניגער. איך האָב פון תמיד פײַנד זייער איבעריגע הכנעה, זייער געמאַכטע טפשות, זייער בילינגען שמייכעלע. דו בעטסט ביי זיי העפליך וואָס ניט איז — שמייכלען זיי. ויערסט ביין, וואָס זיי דערלאַנגען ניט — שמייכלען זיי ווידער. וויצעלסט זיך איבער זייער אונגעשיקליכקייט, איבער זייערע פּאַרטוכער און דעם בעקאַנטען שמייכעלע איז ניט אַראָפּצורייסען ביי זיי פון פּנים. בעאַנדערס, נעכטען, האָבען זיי מיר דערעסען ביז'ן ביין. עפּעס אַ שווערען מוטנעם געפיהל האָבען זיי אין מיר אויפגערייצט. און זיי אויף צו-להכעיס, אַלס אַ קליינינקע נקמה'לע אין זייער זעדנע-זיין, האָב איך זיי גאָרנישט איבער-געלאָזען און זאָלען זיי וויסען, אַז איך בין ניט קיין „באַרין", ווי זיי האָבען מיך גערופען. די קעלנער האָבען צוגענומען דאָס געפעס פון מיין טיש מיט אַנ'אָפּענער שנאה. איינער פון זיי האָט זיך הינטער מיר אפילו אַ זידעל געטהון. — און מיר האָט הנאה געטהון, וואָס מיר האָט זיך איינגעגעבען אַרייַנברייַנגען קעלנערס אין „גרימצאָרן".

אַ ודאי פיער ש'נאים'לעך האָב איך מיר געקויפט פאַר עטליכע צעהנדליג קאָפּיקעס, וואָס איך האָב ניט צוטיילט, ווי דער מנהג איז. דאָס זענען אויך פײַנד ווען קיין אַנדערע פײַנד זענען ניטאָ.

און אין איין קאַוויאַרניע האָט זיך מיר פּלוצלונג פערוואָלט מאַכען אַ קעלנער פאַר אַנ'אוהב-נאמן. אויסטרינקענדיג ווידער אַמאָל קאַווע, וואָס איז מיר שוין געקראָכען פון האַלז, האָב איך אַ קלונג געטהון, צוגערופען דעם קעלנער און געגעבען איהם געלד אין האַנד אַרייַן:

— דרייסיג גראָשען אין קאַסע און פינף רובל פאַר אייך.

יעֶנער האָט זיִך צוטומעלט און גענומען שטאַמלען, גענומען טאַפּען זיִך דעם פאַרטוך, קליִנגען מיִט די מטבעות אין זיַין לעדער־נעם, ברייטען טאַש. די העֶנד האָבען איִהם געציִטערט.

איִך האָב געוואָלט געהן, איִז ער מיִר געשטאַנען איִן וועג.

— פערשטעהט איִהר דען קיין רוסיִש ניִט! — האָב איִך צו איִהם העפליִך געשמייכ'עלט.

דאָן איִז עפּעס פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס איִך האָב ניִט פאָראויס געזעהען. דעם קעלנערס פּנים האָט זיִך אויסגעצויגען, די אויגען זענען איִהם פייכט געוואָרען און אָנגעהויבען פיִנט־לען. ער האָט זיִך פּלוצלונג, ניִט־געשיִקט איינגעבויגען, געחאַפּט מיין האַנד און געוואָלט אַ קוש טהון. אַ פערציִטערטער בין איִך געוואָרען. רויט פאַר בושה האָב איִך איִהם גיִפטיִג אַ שעפּצע געטהון:

— וואָן, פּ׳שאָל וואָן!

און אַרויסגעגאַנגען.

אַ סך נייגעריִגע אויגען האָב איִך געפיִהלט אויף מיין רוקען.

---

איִנ׳ם שטאָדטיִשען גאָרטען איִז נאָך אַלץ גריִן און פּריִש פון דערוואַיטענס. אָבער ווי נאָר דו געהסט צו און קוקסט זיִך איין איִן די בוימער, זעהסטו איִן זייערע גריִנע גרויזען צעהנדליִנגער געלע, פערוועלקטע בלעטער. דאָ און דאָרטען פערגנב׳ענען זיי זיִך איִן די געדיִכטע צווייַגלעך ווי אַנ׳אַנשטעקענדיִגע קריינק, וואָס דער אָנהויב פון איִהר איִז קוים צו בעמערקען און איִהר סוף איִז ביִטער... ס׳האָט זיִך פערגנב׳עט דאָס פוילעניִש צוויִשען די צווייַגען און וואַרט מיִט געדולד, מיִט אַ געלען זיִכערען שמייכעלע, מיִט אַ פערבאָרגענער שנאָה צו אַלץ וואָס איִז גריִן און געזונד.

איִן דער לופט פיִהלט זיִך אַנ׳אוּנאַנגענעהמע פייכטקייט — און אַ דיִנער, דיִנער ריח פון שיִמעל. דאָס איִז אַ ריח, וואָס זאָגט אָן, אַז דער הערבסט קומט. אַלע מענשען, וואָס שפּאַציִרען איִם איִן גאָרטען, דאַכט זיִך מיִר, לייגען זיִך פויגעלעך איִן בוזעם, אַז ס׳איִז נאָך זומער איִן זומער אַרום און דער אָסיען איִז נאָך וויַיט. און דערפאַר טאַקי האָבען זיי זיִך אָנגעטהון איִן זומער־קליידער און איִן שטרויענע היִט, כּדי מען זאָל זעהען, אַז ס׳איִז אַנ׳אמת...

אָבער פֿון זײַערע בעװעגונגען שלאָגט שױן אַ ריח פֿון הערבסט. אַ פֿערבאָרגענע, שטילע דאגה׳לע בליקט קרײַנקליך אַרױס פֿון זײַערע אױגען. איך לײען אין זײַער קוק: הערבסט... רעגענס... אומעט... װינטער... װאַרעמע קלײדער... אַ װאַרעמע דירה...

אָט די לעבעדיגע, נאַטירליכע דעקאָראַציע האָט זײער געשטימט מיט מײַן גײַסטיגען צושטאַנד. איך האָב מיר געקלערט: אַז מען זאָל מיך נאָר אָנקוקען, דאַכט זיך עס איך און איך טרינק, שפּאַציר און בעטראַכט. בקצור — אַ מענש. װאָס איז דאָ װאָס צו רעדען! אָבער װאָס האָב איך בײַ זיך בעשלאָסען? אָ? װאָס ליגט דאָ בײַ מיר אין קעשענע? װאָס איז דאָס שװערליכע, גלאַנצענדיגע זאַך, װאָס שלאָפֿט זיך אָט דאָ? — שלאָף, קעצעלע!...

ניט האָבענדיג װאָס צו טהון, האָב איך מיך אָבגעװאױגען אײפֿ׳ן װאָג־שטול, װאָס שטעהט אין גאָרטען און װענט אָב „איטליכען פּערזאָן נאָר פֿאַר צעהן גראָשען״.

דער מענש, װאָס שטעהט בײַ דער שאָל, האָט מיר דערלאַנגט אַ שמאָלינקע קאַרטעל מיט געפּרײַגטע ציפֿערען: „דרײַ פּוד מיט עלף פֿונט״.

דאָס קאַרטעל האָט בײַ מיר געציטערט אין האַנד. איך בין אומעגנאַנגען און אַלץ געטאַפּט די אותיות, בעטראַכט נאָך אַ מאָל און נאָך אַמאָל. געשמײכעלט פֿאַר זיך: איז דאָס דען ניט צום לאַכען? איך בין, פֿערשטעהט איהר מיך, אַ מענש, װאָס געהט און בעװעגט זיך און הערט און קוקט. אַ מענש, װאָס פֿערשטעהט און בעטראַכט און לעזט און איז געװען אַ שטיקעל צײַט משוגע פֿונ׳ם „איבער־מענש״; איך, פֿערשטעהט איהר מיך, בין אַ מענש פֿון צװאַנציג יאָהר... צװאַנציג יאָהר! כ׳האָב געליטען און איך לײַד און בין פֿערצװײפֿעלט און בין זיך מכין אײַנצונעהמען אַ מיתה משונה. און דאָס אַלץ מיטאַנאַנדער מיט׳ן גאַנצען סך־הכּל װעגט נאָר דרײַ פּוד מיט עלף פֿונט! אָט האָסטו דיר נאָר דרײַ פּוד מיט עלף פֿונט. ס׳געהערט? אין דעם דאָזיגען װאָג געהען אַרײַן די הענד, די פֿיס, די געדערעם, װעלכע שרײַען אַזױ װען ס׳איז ניטאָ װאָס צו עסען; — די לונגען, װעלכע אָטהעמען, די געהירען, װעלכע טראַכטען. אַלע רעיונות, אַלע שטימונגען, אַלע געפֿיהלען, אַלע זכרונות, אַלע פֿערבאָרגענע איבערלעבונגען —

אַלץ גֶעהט דאָ אַרײַן. אָט די אומגליקליכע דרײַ פוד מיט עֶלף פונט נעֶהמען אין זיך אַרײַן, יענע קלײנעס, קרײנקליכען שלמה'־קען, וואָס איז געזעסען אויף אַ בײנקעלע בײַ זײַן טאַטען אין גרוי־סען, אומעטיגען שטיב און געטרוימט זײנע שװאַרצע טרוימעלעך, און צו דעם איז שײך אויך דער יעצטיגער, צוואַנציג־יאָהריגער בחור, װעלכער איז זיך מבין... נו, לאָמיר זאָגען, נעהמען אין אַרײַנשיסען זיך אין שלײף אַרײַן.

אָט האָסטו דיר דרײַ פוד מיט עלף פונט! נאַ דיר גאָר דרײַ פוד מיט עלף פונט!

נו, און װאָס פאַר אַ בעטרעף האָט אַזאַ קלײנע װאָג אַנט־קעגען אָט די שטײן און ציגעל־גיגאַנטען — מויערען, װאָס ציהען זיך דאָ און דאָרטען. און פונדעסטװעגען... נאָך אַמאָל: אָט שטעהען שטײנערנע פּאַלאַצען פון בײדע זײַטען גאַס; געבײַדעס, װעלכע װעגען הונדערטער טויזענדער פודען, מיליאָנען פודען... געװיס. און אָט די זעלבע שװערע מאַטעריאַלען זאָרגען ניט און לײַדען ניט, לויפען ניט אויף לעקציעס, האָבען ניט פּײַנד און האָבען ניט ליעב און גאָרניִשט... קענסט בײַ זײ מיט אַ האַמער צוקלאַפּען אַ גאַנצע װאַנד, װעלכע װעגט אַ סך, אַ סך פ ו ד ע ן, װעלען זײ גאָרנישט ניט פיהלען. אַ שטיב װעט נאָר געהן. אָבער פּרוב נאָר אָבהאַקען בײַ אַ מענשען װי איך למשל אַ האַנד, אַ האַלבע האַנד, װאָס װעגט נאָר אײניגע פונטען... אָה!

אָט װאַלגערט זיך אַ שטײן פון מיטעלער גרויס אויפ'ן ברוק... כ'קען שװערען, אַז ער װיעגט ניט מעהר װי מײַן גאַנצע קאָפּ. און פונדעסטװעגען דער שטײן — און מײַן קאָפּ! װאָס פאַרא צװײ קאָנטראַסטען! דער קאָפּ, פערשטעהט איהר מיך, קלערט און געֿ־דײנקט און שטרעבט, און בײנקט. דער שטײן — גאָרנישט. ער ליגט זיך און גאָרנישט, אַזאַ פּענטאַק! און בײדע האָבען, דאַכט זיך, דאָס זעלבע װאָג... נײן, ס'איז עפּעס ניט אַזוי. און פונדעסט־װעגען איז דאָס מאָדנע.

דער קאָפּ האָט מיר גענומען דרעהען און ס'איז מיר ניט גוט געװאָרען פון אַזעלכע נער־װעזע מחשבות. אוי. קען איך זײ ניט לײַדען אָט די מחשבות'לעך! נאַרישע און עװת'דיגע טשעפּען זײ זיך צו און פּײַניגען און פּײַניגען און מען קען גאָר פון זײ לויז ניט װערען.

כּדי דעֶרפריִשעֶן זיִך אַבּיִסעֶל האָבּ איִך גיִך, גיִך געֶנומעֶן געַהן און גערייצט זיִך בּשעת־מעשה מיִט זיִך אַליין:

— רוקט אייַך, רוקט אייַך! עֶס געֶהעֶן: דריי פוד מיִט עֶלף פונט אין אַ געֶשטאַלט פוּן אַ בּן־אָדם. מיִט הענד און קאָפּ און פּיִס — אָט וויִ היינט איִז בּיי אונז יום־כּפּור אויף דעֶר וועלט! — דריי פוּד מיִט עֶלף פונט, וואָס „טוהעֶן־טון" האַלטעֶן אַנ'אָנגעֶלאָדעֶנעֶם רעֶוואָלווער איִן טאַש. רוקט אייַך אָבּ, זייט מוחל!

---

אַז איִך בּיִן נעַכטעֶן אַרויס פוּן גאָרטעֶן, בּיִן איִך נאָך נעֶווען צעֶטראָגעֶן, מאָדנעֶ מיִני מחשבות און מחשבות'לעֶך זעֶנעֶן מיִר אַרומגעֶקראָכעֶן איִן מוח וויִ מוראַשקעֶס איִן זייעֶר נעֶסט. די זון איִז אונטעֶרגעֶגאַנגעֶן, דעֶר טאָג האָט געֶ'גוססט, קרענקליִך־רויט איִז געֶווען דעֶר מערב־היִמעֶל פוּן יציאַת־נשמה. אַ וויִנטעֶל האָט שווער געֶאָטהעֶמט און זיִך אַלעֶ ווייַלעֶ איִבּעֶרגעֶריִסעֶן. די פייַכטקייט איִן דעֶר לופט האָט זיִך געֶנומעֶן פּיִהלעֶן שטאַרקעֶר און האָט אָנגעֶזאָגט אַ בּעֶהאַלטעֶנעֶם, נאָהעֶנטעֶן הערבּסט. וויִדעֶר אַמאָל האָבּ איִך זיִך אומגעֶקעֶהרט צו די יודיִשעֶ קוואַרטאַלעֶן. מעֶן האָט שוין דאָרטעַן געֶעֶנדיִגט דאַוונעֶן מערב. מניִנים, קלייַזלעֶך און שולעֶן האָבּעֶן געֶעֶפעֶנט פיִערקאַנטיִגעֶ מייַלעֶר און צוזאַמעֶן מיִט אַ הייסעֶר פעֶרדאָרבּעֶנעֶר לופט, געֶנומעֶן אַרויסשפּייַעֶן טויזעֶנדעֶר יודעֶן און יודעֶנעֶס און קיִנדעֶר. אַלעֶ האָבּעֶן זיִך געֶאייַלט אַ היים בּערוהיִגעֶן די מאָגעֶנס. געֶבּעֶנשט איינעֶר דעֶם צווייטעֶן, געֶקושט זיִך בּחפזונ'דיִג פוּן מצוה וועֶגעֶן, די גאַסעֶן האָבּעֶן אויפגעֶלעֶבּט.

אַהיִבּשעֶ ווייַלעֶ בּיִן איִך ערגעֶץ וואו געֶשטאַנעֶן אָבּגעֶזונדערט, עֶלעֶנד, אויף אַ ראָג פוּן אַ שמאָלעֶר געֶסעֶלעֶ, און מקבּל בּאַהבה געֶווען די סטוסאַקעֶס און שטויסעֶרייַעֶן פוּן קניִע און אייַלעֶנבּויגעֶנס, מיִט וואָס די דורכלויפעֶנדעֶ, הונגעֶריִגעֶ מעֶנשעֶן האָבּעֶן מיִך אַלעֶ ווייַלעֶ מכבּד געֶווען. איִך בּיִן געֶשטאַנעֶן און בּעֶטראַכט די גרויסעֶ מעֶנגעֶס, וועלכעֶ שוואַרצלעֶן זיִך און שלייַנגלעֶן זיִך איִנ'ם גראָהעֶן פאַרנאַכט אויף אַלעֶ זייַטעֶן, און שלעֶכטעֶ מחשבות זעֶנעֶן מיִך בּעֶפאַלעֶן. איִך האָבּ אַזש די ציין פעֶרקריִצט. אויף וועמעֶן בּיִן איִך געֶווען בּייז? וואָס האָבּ איִך אַ שטיינעֶר, געֶוואָלט?

איך האָב געטראַכט: אָט איז אַ גרויסע געמיינדע פֿון טויזענדער מענשען, איטליכער איז אַ האַריץ פֿאַר זיך, אַ וועלטעל פֿאַר זיך. איטליכער פֿון זיי האָט זיך ליעב און בעשיצט אויף זיין גופ'עלע מיט אַלע זיינע שוואַכינקע קרעפֿטעלעך, מיט אַלע זיינע טאַלענטעלעך. און יעגען וועגט דאָס אינגאַנצען... איטליכעס וועלטעל מיט אַלע ליידענשאַפֿטען און געדאַנקען; איטליכעס וועלטעל מיט אַלע האָפֿענונגען און שטרעבונגען — נאָר עטליכע פֿודען, איינציגע אומגליקליכע פֿודען: וואַרט וואַרט! זאָלען נאָר אַריבערגעהן עטליכע צעהנדליג יאָהרען, זעקס אָדער זיבען, וועלען עס אַ קאָרשט אויסשטאַרבען אָט די אַלע פֿודען אונרוהיגע-מאַטעריאַלען, וואָס געהען דאָ יעצט אַ דורך און מיינען מיט אַנ'אמת אַז זיי זענען גאָר „מענשען"... אָבגעמעקט וועלען זיי ווערען פֿון דער ערד און וועלען פֿוילען. נאָר ווילדע גראָזען וועלען פֿון זייערע זאַפֿטען הנאה האָבען. אָט פֿון די קליידער, און שניפּסען און זיידענע שמאָכטעס, מיט וואָס זיי קליידען זיך און קאָקעטירען און בעריהמען זיך — וועט ווערען שמאַטעס, פֿון די שמאַטעס — שטויב, און דעם שטויב וועט דער ווינד צעטראָגען. משוגענע פֿודען פֿלייש! אָט די טראָטואַרען, אויף וועלכע איהר טרעט, אָט די הייזער און מויערען, אין וועלכע איהר וואָהנט, וועלען צושמעטערט ווערען און איבער אַ נייעם אויפֿגעבויט ווערען אין אַנ'אַנדער אָרדנונג, מיט אַ נייעם נוסח און קיין זכר וועט פֿון אייך ניט בלייבען. אַ גוט יאָהר האָט איהר זיך אויסגעבעטען, אַ יאָ? אַ גוט יאָהר?... וואָס?

נאָר די מענגעס יודען און יודענעס האָבען אַ פּנים גאָרניט געוואוסט וואָס איך טראַכט אויף זיי. זיי האָבען זיך געאיילט אַ היים, אַ היים. ביי אַלעמען איז געווען אויפֿגעשריבען אויף די נעזער: עסען, עסען, עסען.



# קאַפּיטעל פיער.



14 טעג אין תשרי.

נו, וואָס איז? האָב איך דען פֿערגעסען? פֿאַרוואָס ענדיג איך ניט, ווי רוף איך דאָס, מיין לעצטען חשבון? דער רוח ווייסט עס. צוויי מאָל האָב איך זיך שוין געלאָזען געהן צו י ע נ ע ם ע ר ט ע ל, אָבער ווי נאָר איך דערגעה ביז דער קרומער, משופּע'דיגער געסעלע און די רויטע לאַמטערנע שווימט אַרויס פֿון דער פֿינסטער, דערשרעק איך מיך, אַ מיסטישע אימה פֿאַלט אויף מיר אָן און איך קעהר זיך אום צוריק...

ניט גוט! דאָס איז שוואַכקייט, שוואַכקייט און שוואַכקייט.

דאָס איז מיר עפּעס אויך אַ וואונדער! מיין וואַרעמער געפיהל צום רעוואָלווער האָט זיך, דאַכט מיר, אַביסעל אָבגעקיהלט... נאַנצענע טעג גיב איך אויף איהם ניט אַ קוק און גלעט איהם ניט ביינאַכט, ווען איך בין איינער אַליין אין צימער און דער לאָמפּ ברענט. ביינאַכט שלאָף איך ניט ווי געהעריג איז. און אַז איך חאַפּ מיך אויף, איז מיין מוח פּוסט און פֿינסטער ווי אַ קעלער פֿון אַ חורבה. אין דערפֿריה שטעה איך אויף, טרינק טיי אָהן אַפּעטיט און געה אוועק אָבגעבען מיינע עטליכע לעקציעס מיט אַנ'אַוטאָמאַטישע פּינקטליכקייט. איך לערען מיט מיינע תּלמידים, איך מאַך צורעכט זייערע גרייזען, גנב'ע אַלע ווייַלע אַרויס מיין זייגערעל פֿון דער וועסט-קעשענע און חאַפּ אַ קוק אויפ'ן ציפֿערבלאַט. האָטש, אָפֿען גערעדט, הויב איך ניט אָן צו פֿערשטעהן, וואָס האָב איך זיך צו אײַלען. ווער וואַרט דען אויף מיר? וואוהין דאַרף איך געהן? — כ'האָב אויפֿגעהערט צו שרייען נערוועז אויף מיינע תּלמידים, ווי איך פֿלעג טהון ביז יעצט, ווען זיי מאַכען ניט זייערע אורא̇קעס; און איך לויב זיי ניט, ווען זיי מאַכען אַלץ ווי עס דאַרף צו זיין, ווען זיי מאַכען אפילו זעהר גוט. די נאַאיווע אויגען פֿון מיינע תּלמידים קוקען מיך בגנבה אָן, בשעת'ן לערנען, מיט קינדערשע נייגעריגקייט, מיט פֿערבאָרגענעם, קינדערשען חשד. זייערע קינדערשע בליקען זוכען אין מיין פֿערשטיינערטען

פּנים די בעשיידונג צו דער פערענדערונג, וואָס זיי פּיהלען אין מיר. זייער נאָכקוקען מיר, איז מיר זעהר ניט געפעלען. איך פיהל זיך ניט בעקוועם, איך בעוועג זיך ניט פריי און קנייטש מיט דעם שטערען, פונקט ווי איך וואָלט געוועזען אַרומגעוויקעלט מיט שפּינ־וועבס. אַז איך ווער פון דעם מיעד, בעפעהל איך זיי מיט אַ צובראָכענער שטימע. זיי זאָלען בעסער אַריינקוקען אין בוך אַריין און גאָרנישט זוכען ביי מיר אויף מיין נאָז, זיי וועלען אויף איהם גאָרנישט געפינען.

מיינע בעקאַנטע האָבען מיר יעצט פאָרגעלעגט דריי נייע לעקציעס פאַר זעהר אַ גוטען האָנאָראַר: צו פופצעהן רובל אַ לעק־ציע. אזוינע לעקציעס האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געהאַט. דעם ערשטען טאָג חול־המועד־סוכות הויב איך שוין אָן צו געבען די ערשטע לעקציע. אין פלוק איז די קשיא, צוליעב וואָס טויגען מיר לעקציעס... יעצט! אין דער צייט ווען איך בין שוין כמעט ווי פערטיג מיט... כ'פערשטעה ניט. צוליעב וואָס האָב איך זיי אָנגע־נומען פרעג איך? און וואָס עפּעס דוקא יעצט האָב איך אַזוי אָנ־געהויבען געפעלען צו ווערען בעלי־בתים. אָט יעצט איז ביי זיי אַ צייט צו געבען מיר לעקציעס! אוי, איז דאָס אַ וועלטעל...

אפילו לייענען, מיין איינציגעס פערגעניגען ביז יעצט, ווילט זיך מיר אויך ניט. ס'האָבען מיר דערעסען אַלע ביכער ביז צום ברעכען. ווי נאָר איך עפען אויף אַ בוך, דאַכט זיך מיר, אַז זיין אינהאַלט ווייס איך שוין פון לאַנג אָן, אַז אַלץ וואָס מען שרייבט איז אַלט, אַלט און אָבגעלעבט. אַלטע שמאַטיעס, פעקלעך אַלטע שמאַטעס, וועלכע זענען איבערגעבונדען מיט נייע, קאָלירטע סטענגעס. און איך לעג אַוועק דאָס בוך מיט אַ געניץ, שפּיי אויס, צולעג זיך אויף מיין סאָפע און קוק מיט גרויסע אויגען אויף דער סטעליע. איך קוק און בעטראַכט זי, פונקט ווי עס וואָלט דאָרטען געוועזען וואָס צו בעטראַכטען. אָבער די סטעליע איז אויך אַלט, און שוין צופיעל בעקאַנט מיט אַלע איהרע קלייניגקייטען: פון די פערשטויבטע ווינקעלעך ביז דעם וויסען קראַנץ — רעכטס, ביז דאָס שוואַרצע פינטעלע — לינקס, נעבען אַלמער — אַ גע־פגר'טע פליג, וואָס האָט זיך דאָרטען צוגעקלעבט און אַזוי איז זי פערטריקענט געוואָרען.

היינט פאַרנאַכט, אַז איך האָב שוין ניט געקענט אַריבער

טראָגען דעם געפיהל פון עקעל צו מײַן צימער, צו דאָס מעבעל און צו דעם געריוש אין די גאַסען — בין איך אַוועק אין טעאַטער. מען האָט געשטעלט „פאַוסט”, די אָפּערע, וואָס איך האָב אַזוי ליעב געהאַט, וואָס איך האָב אַזוי פיעל מאָל געהערט און געזעהן און קיינמאָל ניט זאַט געוואָרען. אָבער דאָס מאָל, ווי נאָר דער רוי־טער מעפיסטאָ האָט זיך בעוויזען אויף דער ביהנע און האָט זיך צעזונגען, איז מיר קלאָר געוואָרען, אַז איך האָב איהם פיינד תכלית־שנאה. כ'האָב זיך זעלבסט געפרעגט: ווי אַזוי געהט מען דאָס זעהען אַ זאַך, וואָס מען קען שוין פון לאַנג אָן?

און בין אַוועק.

מיינע בעקאַנטע בעזוך איך ניט. איך ווייס פאָראויס, אַז איך וועל דאָרטען זעהן יענע מעבעל און יענע בילדער, וואָס איך האָב שוין געזעהען, יענע פנים'ער — וואָס איך קען גאַנץ גוט, און כ'וועל הערען יענע שמועסען, יענע אויס־גענוצטע ווער־טער, וואָס איך האָב שוין געהערט שענע־עטליכע מאָל.

עס ציהט מיך יעצט זעהר שטאַרק צום „טרונק”. אַריינגעהן, צום בייספּיעל, אין אַ ברודנעם שיינקעל — דוקא אין אַ ברודנעם — וואָס איז אָנגעפילט מיט אַ שטאַרקער פאַרע פון בראָנפען און ביער און טאַבאַק־רויך און טרינקען ביז צום טויב און בלינד ווע־רען; טרינקען אַזוי, אַז פון אַלע ווענד אין מענשען און טישען און גלעזער זאָל עפּעס ווערען איין שיטערע געמישעכץ, און איך זאָל ליעגען אין רעכטען מיטען און שמייכלען מיט אַ שכור'ן, גוט־האַרציגען שמייכעל. —

אָבער איך האַלט מיך איין מיט אַלע כחות. איך האָב מורא טאָמער וועל איך פון דעם וועכליך ווערען. איך האָב מורא. טאָ־מער וועט אַזאַ שאַרפער מיטעל ווירקען אַזוי שטאַרק אויף מײַן רצון, אַז ער וועט איבערברעכען און צעקריכען ביי דער ערשטער אָנשטרענגונג און איך וועל ניט קענען פערענדיגען דאָס, וואָס איך האָב אָנגעהויבען. ניין, איך וויל שטאַרבען מיט אַ פעסטען ווילען. מיט'ן גאַנצען האַרצען, מיט אַ קלאָרען פערשטאַנד. איך דאַרף דעם קלאָרען פערשטאַנד ניט האָבען, כדי צו שרייבען צואות, לעצטע בריעף — לויט דעם אַלטען מנהג פון מענשען, וועלכע האַלטען ביי שטאַרבען און זעלבסט־מערדער. איך האָב ניט וואָס צו שרייבען און האָב ניט וועמען צו שרייבען. וואָס זאָל איך

שרײַבען? אפשר, די אויסגעניצטע, באַנאַלע פראַזע: „איך בעשולדיג קײַנעם ניט?" — ס'איז אַ ליגען, אַלע זענען שולדיג אין מײַן טוידט! שרײַבען: „איך בעשולדיג אַלעמען אין מײַן שטאַרבען?" ס'איז אַ ליגען, קײנער איז ניט שולדיג! בעסער װאָלט שױן געװען איבערצולאָזען אַ קלײנעם אױפשריפט, אַ שמאָלע שורה'לע אױף אַ לאַנגליכען צעטעלע: „ק ײ נ ע ר איז ניט שולדיג אין מײַן טוידט און שולדיג זענען אַ ל ע". חאַ—חאַ, דאָס װאָלט געװען אמת'ער װי אַלץ אױף דער װעלט! אָבער צו אָריגינאַל פאַר די נײַגעריגע אױגעלעך און פינגערלעך, װאָס װעלען נאָך מײַן טוידט בעטראַכטען און בעטאַפען מײַן װײַסען, לאַנגליכען קװיטעל פון אַלע זײַטען. אַ „פײַן־װערטעל" װעלען זײ אַ זאָג טהון און פאַװאָלינקע, איראָניש אַ שמײכעל טהון. קענען זײ דען פיהלען דאָס אונענדליכע, אײַביגע, װאָס איך שטאַרבענדער פיהל אין דעם?

איך דאַרף מײַן קלאָרען פערשטאַנד האָבען צוליעב זיך אַלײן. איך װיל אַריבערטרעטען דעם שװעל מיט אַ זיכערע פוס, אָהן ספקות, נאָר אָהן ספקות. שמאָל איז דער שװעל, װעלכער ליעגט צװישען לעבען און טוידט. ער איז ניט ברײטער פון אײן ניקעלנער קױל. װאָס ליעגט שױן גרײט בײַ מיר אין רעװאָלװער־שײַדעל. מען דאַרף נאָר האָבען אַ האַרץ אַ דריק צו טהון אין אַ בעװאוסטען אָרט. איז מען גלײַך אױף יענער זײַט שװעל. דאָרטען מוז דער נײַער האָריזאָנט זײַן ברײט און לױטער, קײן אײנציגעם װאָלקענדעל טאָר זיך אױף איהם ניט געפינען. דאַן איז דאָס אַ שענער טוידט, אַן'אמת'ער טוידט.

אָבער... װאָס איז דאָס אַזױנס? דאָס, װאָס איך האָב בעשלאָסען מאַכט זיך עפּעס פון מיר אַװעק, בעהאַלט זיך אונטער גאַנצע בערג געדאַנקען און שטימונגען. איך בין, דאַכט מיר, יעצט אָבגעריסען אי פון לעבען, אי פון טוידט... װי אַזױ???

---

16 טעג אין תשרי.

אַהאַ... איך בין דערגאַנגען די רעטעניש. כ'האָב געפונען דעם שליסעל צו מײַן פערפרױרענעם גײַסטיגען צושטאַנד, װאָס האָט מיך אַלײן געװאונדערט.

כ'האָב אָבגעוואָגען מײַן פֿיהרען זיך, מײַנע שטימונגען, מײַן געהן און שטעהן, מײַנע מחשבות אין די לעצטע טעג, כ'האָב דאָס פֿערגליכען מיט מײַן פֿריהערדיגעם לעבען, מיט מײַנע פֿריהערדיגע שטימונגען און איך פֿערשטעה...

איך פֿערשטעה, אַז איך בין יעצט צוגעקומען צו דעם טוידטען־פונקט צווישען צוויי גלײַכע קרעפֿטען, וואו די שטאַרקסטע ענערגיע ווערט פֿויל און אָבהענגדיג. פֿון איין זײַט ציהט מיך דאָס לעבען, פֿון דער צווייטער זײַט דער טוידט און איך הענג צווישען בײַדע מאַגניטען און דרעה מיך אויף איין אָרט, אַרום מײַן אייגענער אַקס: ניט אַהער, ניט אַהין. — איך האָב זיך אָבגעריסען פֿון לעבען, אַוועק צום טוידט און, זײַענדיג אונפּראַקטיש אין אַזוינע זאַכען, בין איך אַרײַנגעפֿאַלען אין אַזאַ פּונקט, וואו די לעבענס־קראַפֿט און די טוידט־קראַפֿט זענען צו איהם בײַדע גלײַך ווײַט, אָדער גלײַך נאָהענט; און מײַן רצון, די דריטע קראַפֿט, ווערט בטל צווישען זיי בײַדען... איך לעב יעצט, טרינק, עס און שלאָף און בעוועג זיך נאָר פֿון געוואָהנהײַט, פֿון אינערציע...

צו אַזאַ פֿערקיהלט פּינטעל בין איך געקומען: אויב איך וויל קען איך שטאַרבען ווי איך האָב בײַ זיך בעשלאָסען; און אויב איך וויל... הם, אויב איך וויל, אדרבא, קען איך זיך לעבען... ס'הײַסט, איך דאַרף נאָר פֿערקויפֿען דעם רעוואָלווער אָדער קאַליע מאַכען איהם און לעבען אַזוי ווי עס לעבען זיך גאַנצע מענגעם מיט מענשען, וועלכע פֿילען אָן טאָג־טעגליך אַלע גאַסען.

בײַדע וואָגשאָלען פֿון טוידט און לעבען זענען פֿאַר מיר גלײַך. איין שאָל וועגט ניט אַריבער די אַנדערע, קיין פּיצעל הכרעה איז ניט צו בעמערקען. און אַזוי ווי ס'איז אַ סברה, אַז אַזאַ אונפֿאַרביגער צושטאַנד וועט זיך נאָך איועקציהען אַ סך לאַנגע, לאַנגווײַליגע טעג, דעריבער מוז מען אַראָבוועגען איינע פֿון די שאָלען, אַראָבוועגען מיט איין אָנשטרענגונג — איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל.

„שוואַרץ אָדער ווײַס, אָבער ניט גראָה. קאַלט אָדער וואַרם, אָבער ניט לעבליך. אויפֿהויבען זיך אָדער אַראָבפֿאַלען, אָבער ניט פֿוילען אויף איין אָרט.“

וואָס וויל פֿון מיר דאָס לעבען? וואָס ווינקען צו מיר אַזוי די לאַמטערנעס בײַנאַכט? וואָס שײַנט אַזוי, וואָס מוטשעט מיך

די זון אין דערפֿריה? וואָס לאַכֿען אַזוי פֿרעהליך די גאַסען? איך וויל ניט מעהר, איך קען ניט מעהר. איך האָב שוין אַ סך געטראַכֿט און איינמאָל בעשלאָסען: איך מוז, איך מוז אָראָבוועגען די וואָגשאָל פֿון טויט; זאָל עס זיין בביון, זאָל עס זיין קיננסטליך, מיט געוואַלט... יאָ, יאָ, אַזאַ צושטאַנד ווי איצטער טאָר מעהר ניט געדויערען. און ווייטער אַוועקזעצען זיך לעבען נאָר צוליעב דעם פּראָצעס פֿון לעבען אַליין? לעבען ווי יעצט, נאָר כּדי צו בעוועגען די הענד און די פֿיס און טראָגען אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס — וויל איך ניט, איך דאַרף ניט, איך קען ניט!

אַזאַ צושטאַנד מוז מען אָננעהמען און אַ טרייסעל טהון אַזוי, אַז בוואַליעס זאָלען אויפֿבּרויזען, אַז אַלץ זאָל זיך דערנאָך טהון פֿון זיך אַליין; זאָל עס ברעכֿען און קעהרען קאַפּויר מיט אַ ווילדקייט, מיט אַ ברען און דער עיקר מיט איין מאָל. —

אַראָבוועגען איינמאָל פֿאַר אַלעמאָל די וואָגשאָל פֿון טוירט, ווי אַזוי? איינפֿאַך: 1) אָבזאָגען זיך, צום ביישפּיעל, פֿון אַלע לעקציעס, צופּטר'ן דאָס לעצט ביסעל געלד, וואָס וועט זיך ביי מיר אָבשטעלען און בלייבען אָהן עסען, אָהן דירה.

2) פֿערקויפֿען אַלע מיינע ווינטער־קליידער, מיין פֿוטער, מיינע קאַלאָשען און בלייבען אָהן אַ בגד. און דער ווינטער איז שוין באַלד דאָ...

3) צורייסען זיך מיט אַלע מיינע בעקאַנטע (קיין פֿריינד האָב איך ניט), צורייסען זיך מיט זיי קבֿיון, אַרויסטרייבען זיי פֿון שטוב, אויב זיי וועלען צו מיר קומען, עס זאָל מיר פּראָסט ניט בלייבען וואו אַ פֿוס אַנידערצושטעלען.

און נאָך, און נאָך אַזעלכֿע מעשים... דאַן וועט קומען דער „מוז", דער הכרח, וועט אַוועקלעגען זיין שווערען שטיין און וועט אַראָבוועגען די וואָגשאָל פֿון טוידט, נאָר די וואָגשאָל פֿון טוידט...

פֿריהער וואָלטען מיך אַזוינע זאַכֿען איבעריגס ניט געאַרט. פֿערקעהרט, פֿריהער אין הונגער און אין נויט פֿלעג איך זיך פֿיהלען טיעפֿער און מיט אַ קאָפּ העכֿער ווי אַנדערע. יעצט ניט. יעצט זוך איך נאָר אַ תּירוץ, יעצט דאַרף איך נאָר יוצא זיין פֿאַר מיין לעבענס־געפֿיהל. איך מוז איהם ווייזען, אַז איך בין באַנקראָט, באַנקראָט אויף אַלע זייטען. איך אַליין בין שוין לאַנג טויט. איך לעב נאָר וויַל איך בין נאָך ניט געוועזען — ד אָ ר ט ע ן...

יאָ. יאָ. נאָר אויף אַזאַ אופן וועל איך אַרום זיך פֿערשליסען אַלע וועגען, אַלע וועגען, וועלכע פֿיהרען צום לעבען; נאָר איין-איינציגע שמאָלע שטעגעלע וועט מיך נאָך איבערבלייבען: צום טוידט!

די נויט וועט מיך ניט לאָזען שטעהן אויף איין אָרט ווי איך שטעה יעצט. זי וועט שוין שטויסען, זי וועט טרייבען: געה, געה, געה!

און מעשה-שטן, דוקא אין אַזאַ מאָמענט, ווען איך מוז זיך אַלע ווײַלע טאַפּען בײַם אייגענעם דופק און צוהערען זיך צו איטליכען האַרץ-קלאַפּונג, כדי ניט אַ טעות צו האָבען אויף אַ האָר, דוקא יעצט האָט מען מיר אַרײַנגעשטופּט עטליכע פֿעטע לעקציעס און איך האָב זיי אָנגענומען. אַ שאָד.

דוקא יעצט האָב איך די מעגליכקייט צו פֿערדינען אַ גאַנצען הונדערטער אַ חודש, אַזוי ווי איך האָב נאָך קיינמאָל ניט פֿערדינט; דוקא יעצט קען איך זיך דינגען אַ שענע דירה, קליידען זיך, קויפֿען נײַע ביכער, לעבען ברייטליך, לעבען ווי „אַ מענש".

אָבער יע-יע, כ'פֿערשטעה שוין... דער טײַוועל טאַנצט שוין אַרום מיר. ער האָט שוין געקראָגען אַרבייט. ער וויל מיך שוין פֿערשלעפּען צוריק אין דאָס לעבען אַרײַן, וועלכע איז מיר נמאָס... אַהאַ, אַהינצו וויל ער מיך פֿערשלעפּען? מאַכען מיט מיר וואָס עס גלוסט זיך איהם? צאַצקעלעך בעווייזט ער מיר? ניין, היינטיגען מאָל וועט זיך עס איהם ניט אײַנגעבען. מאָרגען הויב איך זיך אָן אָבצוזאָגען פֿון אַלע לעקציעס. מאָרגען! אויס נײַע און אַלטע לעקציעס, אויס תלמידים און טאַטעס און מאַמעס און פּופּצעהנ-רובעלדיגעס. אויס, אויס. ס'איז אַ אומזיסטע טרחה. — און ווי נאָר איך וועל אָנהויבען וועט שוין ניט זײַן שווער צו מאַכען נאָך אַ טראָט און פֿערקויפֿען אַלץ וואָס איך האָב. נאָך אַ טראָט: אַוו איבעררײַסען מיט אַלע מײַנע בעקאַנטע דאָס, וואָס האָט מיך גענ-צוואונגען בעזוכען זיי פֿון צייט צו צײַט, דריקען זײַ די האַנד פֿלוידערן מיט זיי...

יאָ, יאָ. מאָרגען הויב איך אָן.

17 טעג אין תשרי.

איך הויב אן ...

איך הויב אן מקיים צו זיין דאס, וואס איך האב בעשלאסען, מיט געוואלט בייג איך אראב די וואגשאל פון טוידט ארונטער. פאמעליך, פאמעליך געה איך ארויס פונ'ם גלייכגילטיגען אונבעוועגליכען צושטאנד. דאס הארץ קלאפט שטארקער. די פיס בעוועגען זיך פלינקער. ס'האבען זיך צו מיר אומגעקעהרט מיין נערוועזיטעט און די מחשבות, וועלכע דרעהען זיך און בייטען זיך אין מיר, ווערען שווארץ און ווערען ווייס, ווערען דערטרונקען און שווימען ארויס — א גאנצער קאליידאסקאפ.

איך האב נאר אנגעהויבען און אלץ געהט שוין פון זיך אליין. ווי דער קנויל וואס ליעגט אויפ'ן שפיץ בארג. אין פלוק — ליעגט ער זיך ... א שטיק האלין און וויטער גארנישט. ריהרט איהם נאר אן מיט איין פינגערעל. הויבט ער עס אן אביסעל צו לויפען, וואס וויטער אלץ געשווינדער. פונ'ם קיילעכדיגען שטיק האלץ ווערט פלוצלונג א לעבעדיגע זאך, וואס שטרעבט און רייסט זיך, און שפרינגט, און גלוסט אראב, אראב.

אט אויף וויפיעל די סטרונעס זענען ביי מיר געווען אנגעצויגען!

קאלט, מיט א העפליכען נייגעלע מיט'ן קאפ, מיט א שטילען שמייכעלע בעזעג איך די וואהנונגען פון מיינע בעלי-בתים און זאג מיך אב פון מיינע נייע און אלטע לעקציעס. ווי אנ'עכטער פראקטישער מענש מאן איך פריהער אויף דאס ביסעל געלד, וואס עס קומט מיר ארויס און דערנאך: אזוי און אזוי. איך מוז עקסטרע אבפאהרען און דעריבער ... א שאד, א שאד ... אבער איך מוז זיך אבזאגען פון אלע לעקציעס. פארדאן.

ס'איז יום-טוב'דיג, ס'איז סוכות'דיג ביי מיינע בעלי-בתים אין די הייזער. אלץ איז ביי זיי פערפוצט. אלץ גלאנצט — מיט זילבער און מיט ווייסע טישטיכער. די בעוועגונגען פון די בעלי-בתים און זייערע מאדאמען, זייערע שמועסען זענען אויך יום-טוב'דיג, ווייך און אביסעלע אבגעלאזען. ביי מיר איז היינט אויך א שטיקעל יום-טוב. צוליעב זיין כבוד וועגען האב איך זיך אויסגעפוצט אין מיין נייעם אנצוג, מיט א נייעם פאפירענעם קראגען. א יום-טוב

פון אָבזאָגען לעֶקציעֶס איז ביי מיר דער היינטיגער טאָג. מיין נשמה איז פול. אין די אָדערען איז מיר אויסגעגאָסען אַ ווייבערשע ווייבליכקייט.

צופריעדענערהייד געה איך אַרוים פון די הייזער, וואו איך האָב אָבגעזאָגט די לעקציעס מיט אייגענעם גוטען ווילען. איך בין צופריעדען פון דעם. וואָס איך שפיעל אַזוי גוט די ראָלע פון אַ מענשען, וואָס דאַרף אוועקפאָהרען.

דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען פיהל איך מיך אַלס אַ אמת'ער בעל-הבית איבער זיך אַליין, איבער מיין שיקזאַל, איבער מיין מאָרגענדיגען טאָג. בעשלאָסען, גענומען אויף זיך די אחריות און געטהון, בעשלאָסען און געטהון, בעשלאָסען אָבלאָזען מיינע לעקציעס און לאָז זיי אָב. אַזוי איז גוט.

נאָר, אַריינגעגעהענדיג היינט צו דעם הער-מיכלין, כדי אָבצו־זאָגען זיך פון דער לעצטער לעקציע, האָט מיר געטראָפען אַ זאַך, וואָס האָט מיר ניט איבעריגנס געשמעקט. איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אויסטהון די היטעל, אַוועקשטעלען דעם שטאָק און זאָגען „גוט מאָרגען", איז צו מיר צוגעגאַנגען די מאַדאַם מיכלין מיט איהר אייגענער פערזאָנע, מיט איהר זאַטען פנים מיט די קנייטשעלעך, וועלכע זענען פערלעגט מיט פודרע, מיט איהרע אָבגעשטעקטע ליפען, וועלכע שרייען „דרך־ארץ!" מיט איהר די־נעם ראָזען קאַפּאָט, וועלכער בעווייזט וואָס אַ גרויסע ברוסט זי האָט, — און מיט אַ געזאַלצענע זיסקייט האָט זי מיר מודיע געווען, אַז זי ווייס, איינענטליך ניט, ווער פון אונז פיהלט זיך, צי איך — דער לעהרער, אָדער איהר זוהן — דער תלמיד; ווי די מעשה איז זעהט זי ניט קיינע נוצען אין מיין לערנען און דערי־בער... און דאָס, וואָס עס קומט מיר פאַר אַ האַלבען חודש, צאָהלט זי מיר דאָ אָב.

מיין לוסטיגקייט פאַר אַ גאַנצען טאָג איז אַפּגעשטעלט אַזוי ווי אַ רויך; די מאַדאַם האָט אַליין אָבגענומען מיט איהר חשיבות־דיגען פנים. מיין עגאָאיזם האָט שטאַרק געליטען פון דעם. ס'האָט מיר וועה געטהון, וואָס מען האָט מיך מקדים געווען; איך בין שוין באַלד גרייט געווען ביז צו ווערען. כ'האָב געוואָלט אָבראַנ־קען דער ברייטער מאַדאַם דערפאַר, וואָס זי האָט מיר פערשפאָרט אַ טרחה, ערקלערען איהר, אַז איינענטליך בין איך טאַקי צוליעב

דעם גופא געקומען. נאר אין דעם זעלבען מאמענט פון בעליידיגונג און פערלירען דעם מוטה, האט זיך ביי מיר אונגערען אראבגעגליטשט די האנד אין קעשענע אריין און אנגעטאפט דארטען דעם ר ע ו ו א ל ו י ע ר ... מיין כעס איז אפענשטעל צופראסען געהארען און צוגאנגען ווי א לייכטע פארע איף דער זון. א קאלטער שמייכעל האט זיך מיר צושוואומען איבער מיין פנים: וואס איז דא אין כעס צו זיין? הא—הא, ס'איז דען ניט אלין איינס? ס'איז אינגאנצען ווערט א שפיי און מעהר גארנישט! אט באלד, אין עטליכע טעג ארום ...

מיט דעם שמייכעל בין איך ארויסגעגאנגען, אויף אייביג פערלאזען די בעקאנטע טהיר מיט דער מעשענער. ויסער ברעטעלע: „לעא־טיבלין־קופיעז". די מאדאם האט מיר נאכגעקוקט פערוואונדערט. ווי עס ווייזט אויס, האט זי זיך געקליבען זעהען, וואס פאר א פנים בעקומט א יודישער לעהרער, ווען מען זאגט איהם אב פון א לעקציע, — און הנאה האבען דערפון, און דאס האט זיך איהר ניט איינגעגעבען.

---

18 טעג אין תשרי.

נאכ'ן גוטען אנהויב מיט'ן אבזאגען זיך פון די לעקציעס, געהט אריבער מיין אינדיפערענטער צושטאנד מיט א משונה'דיגער ניבקייט. ס'קעהרען זיך צו מיר אום מיין אפעטיט, מיין חשק צום לעזען. ביינאכט שלאף איך טיעף און לאנג. איך צווייפעל מעהר ניט. דאס זענען שוין די גוטע רעזולטאטען פון מיין בעשליסונג. יא. די וואגשאל פון טוידט לאזט זיך אראב טיעפער. אוי, אוי... נידעריגער, נידעריגער! באלד דערגרייכט זי שוין ביז צו דער ערד... האלט! איך דארף נאך געהן אהין. א ה י ן ...

בעזונדערס האב איך נעכטען גוט געשלאפען. דער ספר, וואס איך האב געלעזען, האט זיך אראבגעגליטשט אין מיטען לייענען איף דער ערד. דער לאמפ איז געבליבען ברענען און איך בין פערזינקען געווארען אין אזא געדיכטען, זיסען שלאף, וואס האט שוין ביי מיר לאנג, לאנג ניט געטראפען. איך בין געשלאפען א שנת־ישרים, אנ'אמת'ען שלאף, אהן א בעהאלטענעם רוספען

אומֶעט, אָהן חלומות און אָהן פלוצליכֶע אויפֿחאַפּעֶנישֶׁען. ווי אַ שטיק פֿערגעסעֶניש צווישען איין טאָג און דעם צווייטען האָט מיר אויסגעזעהן דער שלאָף פֿון דער פֿערגאַנגענער נאַכט.

גוט איז אַ פּנים דעם געזונדטען מענשען, וועלכער ווייס ניט פֿון קיין פֿערוואָגעלטע נעכט; נעכט אָהן שלאָף. פֿול מיט קאַש־מאַרען און ווינקענדע שאָטענס. אָה, אָט די פֿערשאָלטענע נעכט! וויפֿיעל בלוט האָבען זיי מיר קאַליע געמאַכט, וויפֿיעל מוח האָבען זיי מיר אויסגעטריקענט! אַזאַ נאַכט שרעקט נאָך בייטאָג. דו פֿיהלסט פֿאָראויס, אַז דו וועסט די היינטיגע נאַכט ניט שלאָפֿען און זוכסט אַלערליי מיטלען. געהסט אַרוים און שפּאַצירסט לאַנג, לאַנג אין די גאַסען און הינטער דער שטאָדט ביז די קניע הויבען דיר אָן צו ציטערען. כדי נאָך מעהר צו פֿערזיכערען זיך מיט אַ שטאַרקען שלאָף, טרינקסטו אויס פּאַמעליך אַ גלאָז ביער. דער קאָפּ דרעהט זיך אַביסעל, און אַז דו הויבסט זיך אָן אויסצוטהון, דוכט זיך דיר, אַז ווי נאָר דו וועסט זיך אַריינלעגען אין בעט, וועסטו אַנשלאָפֿען ווערען ווי אַ שטיין. אָבער ווי נאָר דו לעגסט זיך, ווערט די קישען האַרט און פֿלאַך ווי אַ ברעט. די פֿיס ווערען צו לאַנג, און בשום־אופֿן קענסטו פֿאַר זיי קיין אָרט ניט געפֿינען. די דעקע ווערט צו וואַרם, די הויט ברענט ווי אין קדחות. וואַרפֿסטו פֿון זיך אַראָב די דעקע, נעהמט דיך אַרום אַ ניט־גוטע קעלט און הויבסט אָן צו ציטערן. די אויגען גליהען און טהוען וועה אונ־טער די ברעמען, וועלכע זענען פֿעסט פֿערמאַכט מיט אַ מאָדנע עקשנות פֿון דעם, וואָס וויל אַנשלאָפֿען ווערען און קען ניט. עפֿענסט דו אויף די אויגען — איז פֿינסטער. פֿינסטער אין צימער, פֿינסטער אין האַרצען. דיין גאַנצעס „זיין“ איז עפּעס מעהר ניט ווי אַ קליין שטיקעל חושך אין דער אַלגעמיינער פֿינסטערניש, וועלכעס נאָגט, נאָגט שטילערהייד. — אַ שעה, צוויי שעה, דריי... ווי פֿון פּעך אַרויס ציהען זיך די מינוטען. מיט אַ פֿערמאַטערנדע פֿוילקייט טריפֿען זיי. דיינע נערווען הויבען אָן אונטערצושפּרינגען. דערגרייכט עס צו דיינע אויפֿגערעגטע אויערען אַ בילען פֿון אַ הונד, אַ סקריפּ מיט אַ וויטער טהיר; אַ קלונג פֿון דעם סטרוזש'ס שלי־סעלעך, אַ דינער פּיפּען פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו, און דערנאָך דאָס קלענסטע בעוועגונג, דער לייכטסטער ריהר, און דיר דוכט זיך, אַז מען שרויפט דיר אָנגעגליהטע שרויפֿען אין שאַרבען אַריין. ניט

דיךְ אַ בּיס אַ קליינע גנב'טעלע — אַ פלוי, גיבּסטו זיךְ אַ וואָרף ווי אַ שלאַנג וואָלט דיךְ אַ בּיס געטהון. האַפּט זיךְ אַריין אַ שטראַהל פון ערגעץ־וואו אַ בּעלויכטענע פענסטער און ציטערט אויף דעם פינסטערן באַלקען פון צימער, פיהלסטו בחוש, אַז מען שטעלט דיךְ מיט נאָדלען. אַלץ בּעקומט אין דער פינסטער אַ געשטאַלט פון עטוואָס חוצפה'דיגעס, אָבגעטהון עפּעס צו־להכעיס, פערריסען די נאָז און טהו דאָס עפּעס... די מעבעל, די כלים, אַרע זאַכען אין צימער קוקען אויף דיר, זייער גאַנצער כּוָנה איז מעהר ניט ווי אויפצורייצען דיךְ און ניט לאָזען דיךְ שלאָפען. דיין רצון, דיין בּעוואוסטזיין פערליִרען זייער גלייכגעוויכט. דו קריצט מיט די ציין און בּיסט בּייז און ווייסט ניט אויף וועמען. די קאַבּעל פון הרובע חייסלען זיך אין דער פינסטער: „אין דער ערד מיט די בּיינער!" — האָטש אַ הרובע האָט בּטבע קיין בּיינער ניט. — די בּעט גיט אונטער דיר אַ סקריפּ: „אַ מיתה משונה זאָל קומען אויף אַלע בּעטען!" — אַ האָר איז דיר, מעשה שטן, אַרויסגעפאַלען און אָנגערירט די נאָז: „אַ מפלה אויף אַלע נעזער... זיצט אַ נאָז אין מיטען פּנים און לאָזט ניט שלאָפען". —

און אַז מען ווערט שוין אָבגעמאַטערט מיט לייב און לעבען און ס'איז שוין מעהר קיין כּח ניטאָ מלחמה צו האַלטען מיט דער גרויסער טעמפּער נאַכט, בּייקומען זי, ווערסטו בּעגינען אַנדרע־מעלט אַזאַ שיטערען, צוריסענעם דרעמעל, וועלכער מאַטערט ניט ווייניגער ווי די פערוואָגעלטע נאַכט אַליין. און אַז דו האַפּסט זיךְ אויף, פיהלסטו זיךְ פּונקט ווי דו וואָלסט גאָרניט געשלאָפען. דו פיהלסט יענעם שווערען, ניט גוטען געפיהל פון אַ טוידט־הונ־גערינגען. וועלכע האָט זיךְ אָנגעטרונקען מיט וואַסער ווי אַ פּויק, כּדי איינצושטילען דעם הונגער...

און די פאָריגע נאַכט האָב איךְ געשלאָפען, געשלאָפען, געשלאָפען. קיין זאַך האָט מיךְ ניט אויפגערייצט. כ'האָב ניט גע־קריצט מיט די ציין, ניט געבּיסען די קישען. און אַז איךְ האָב זיךְ אויפגעחאַפּט, האָב איךְ זיךְ געפיהלט אַזוי לייכט, גרייט צו ערפילען די שווערסטע זאַך אין דער וועלט... האָטש אַריינשיסען זיךְ אין שלייף אַריין.

בכן, בין איך פטור מיט די לעקציעס. וואס האב איך נאך צו טהון? מאכען א סוף מיט מיינע בעקאנטע, אוים בעקאנטע! פערקויפען אלץ וואס איך האב, זיין אין יענער הייזעל און... נערמען זיך צו מיין „כלי".

הערט נאר ווי איך וויצעל זיך!

אזוי איז גוט.



# קאַפּיטעל פֿינף.

20 טעג אין תשרי.

נעכטען, חול־המועד־סוכות, פֿאַרנאַכט, האָב איך זיך אומגעקעהרט אין מײַן צימער, געוואָלט אַ וואָרף טהון זיך אין בעט און אָפּרוהען. איך בין געווען זעהר מיעד.

איך געה אַרײַן און געפֿין מירקינען ווי ער ליגט זיך אויף מײַן איינגעראַמטער בעט און שלאָפֿט... ער שלאָפֿט מיט פֿערגעניגען און אַ לײַכט שנאָרכען פֿלאַטערט בײַ איהם אין זײַנע דינע, ראָזינע נאָזלעכער. ווי עס ווײַזט אויס, איז ער בײַ מיר געזעסען אין צימער און געוואַרט אויף מיר, ביז איהם האָט אָנגעכאַפּט אַ דרעמעל און ער האָט זיך אויסגעצויגען.

דער דאָזיגער מירקין איז אַ שענער יונגאַטש, אַ פֿרעהליכער, אַ געזונטער. בײַ מיר איז ער נאָר, פּשוט, אַ בעקאַנטער, אָבער ער איז איבערצײַגט, אַז איך בין זײַנער אַ חבר. ער האָט אָבשײַ פֿאַר מײַנע ווערטער און אָפּטמאָל האָט ער פֿאַר זיי מורא; דאַן בעמיהט ער זיך פֿערגלעטען דעם שווערען אײַנדרוק, לעגט מיר פֿאָר געהן אין טעאַטער אויף זײַנע קאָסטען, אָדער ער קויפֿט ביער מיט פֿערבײַסען. בכלל איז ער, ווי זאָגט מען דאָס, „נאַרישוואַטע", אָבער ער האָט אַ פֿיהלענדעס האַרץ און האָט צער, אַז דעם צווייטען איז שלעכט. בעצם האָב איך איהם ניט ליעב, איך האָב קײנעם ניט ליעב; נאָר, אַז מײַנע נערווען צוטאַנצען זיך, האָב איך ליעב אויסציגיסען אויף איהם מײַן גאַנצע גאַל, מײַנע אַלע בײַסענדע געדאַנקען. איך בין זיכער, אַז ער וועט עס צונעהמען און וועט ניט פּראָטעסטירען, אפילו, ווען דאָס בעליידיגט איהם; וועט אָבשאַצען מײַן איטליכע פֿראַזע און יעדע זעהן בערוהיגען מיך. און ווײַל ער האָט צו מיר פּרעטענסיעס פֿון אַ גוטען פֿרײַנד, ערלויבט ער זיך אָפּטמאָל צו רופֿען מיך בלשון „חזיר", „אידיאָט", שיקען צום טײַוועל. בכלל האָט ער ליעב צו זידלען זיך מיטן טײַוועל. נאָר זיכער בין איך, אַז ווען מען זאָל גלײַך נעהמען פֿער־

קאַטשען די פּאָלעס און לאָזען זיך גֶעהן צום טײַוועל, וואָלט ער
זיך זעהר דערשראָקען.

אַצינד איז ער געשלאָפען בײַ מיר אין בעט מיט'ן פּנים אַרויף.
פֿון זײַן האַלב־אָפֿענעם מויל האָבען אַרויסגעבלישטשעט געזונדטע,
ווײַסע ציין, וואָס קענען, דאַכט זיך, בײנער צובײַסען. אויף זײַ־
נע קאַרשען־רויטע ליפּען האָט געשוועבט אַ שמײכעלע פֿון אַ פֿרי־
שען מענשען, וואָס האָט פֿון אַל'ין הנאה. אפילו פֿון אַזאַ צופֿעלי־
גען דרעמעל. און זײַנע פֿולע, רונדע פֿיס, וועלכע זענען געווען
פֿערוואָרפֿען ווי אַ גרויסע שער, די ראָזיגע, געגאָלטע געמבע, די
בלאָנדע, ווייכע האָר, די יונגע, פּוכיגע וואָנצעלעך — דאָס אַלץ
האָט זיך צוזאַמענגעגאָסען אין איין שענע האַרמאָניע, אַ האַרמאָניע
פֿון זיכערקײַט און לעבענס־קראַפֿט, וועלכע פּלײַצט ווי אַ פֿריהלינגס־
טײַך און קיין זאַך שטערט איהר ניט.

אַ פּאָר מינוטען בין איך געשטאַנען און זיך צוגעקוקט מיט
אַ מאָדנע נײַגעריגקײַט צו דעם בעקאַנטען פּנים. שלאָפֿענדיג, האָט
דאָס געזיכט ניט געקענט ענדערן זיך, מאַסקירען זיך פֿון מײַנע
דורכדרינגענדע בליקען. דער שלאָף האָט פֿער'כשוף'ט אַלע שמירי־
כען פֿון געזיכט און האָט זיי מפקיר געווען מײַנע אויגען, איך זאָל
זיי קענען בעטראַכטען ווי עס גלוסט זיך מיר.

עפּעס אַ מין טריבע קנאה האָט זיך אין מיר אויפֿגעהאַפּט
און פּאַמעליך אַ שטופּ געטהון מײַן האַנד... מיט אַן'אויטאָמאַטישע
פֿאָרזיכטיגקײַט האָב איך אַרויסגענומען מײַן קליין שפּיגעלע און אַ
קוק געטהון: אַ מאָגער אויסגעניצט געזיכט; טיטערע אײַנגעפֿאַרביגע
האָר — ניט אַש־קאָליר, ניט שאַטען, ניט בלאָנד... אַ גרויסע,
ביינערדיגע נאָז מיט אַ רויטען בלאָטער אויפֿ'ן רעכטען שפּיץ. דאָס
בלאָטערעל האָט זיך דאָרטען אײַנגעבירגערט און וויל זיך גאָרניט
ריהרען פֿון אָרט... קליינע אײַנגעגראָבענע אויגען, מידע און אָהן
אַ גלאַנץ. —

דאָס איז געווען מײַן געזיכט.

איך האָב צוגעגליכען די געשטאַלט, וואָס האָט צו מיר
אַרויסגעקוקט פֿון שפּיגעלע, צו דאָס געזיכט פֿון דעם שלאָפֿענדיגען
און האָב אַ ציטער געטהון... קיינמאָל איז נאָך מײַן געזיכט ניט
געווען אַזוי מאוס, אַזוי מאָגער און רחמנות'דיג ווי אין דעם מאָ־

מענש. קיינמאָל האָט נאָך מײַן נאָז ניט אָבגעשטעקט פֿון פּנים אַזוי אומגעלומפּערט ווי יעצט.

מיר האָט זיך געראַכט, אַז דאָס שמײַכעלע פֿון דעם שלאָפֿעדיגען איז אַ נצחון-שמײַכעלע. אפילו אין שלאָף פֿיהלט ער מײַן קנאָה, מײַן משׂנאה'דיגע, ניט-נויטיגע קנאָה, און האָט הנאה. זײַן שנאָרכען פּלאַטערט מיט אַזאַ פֿערבאָרגענעם שפּאָט...

איך האָב געשפּירט, אַז באַלד וועט זיך בײַ מיר, אָהן מײַן ווילען, אַ הויב טהון די האַנד און וועט אַ זעץ טהון מיט'ן גאַנצען כח איבער דאָס זאַטע געזיכט און בלוט וועט פֿערגיסען דאָס שטיל, שלאָפֿענדיג שמײַכעלע... איך האָב אָבער פֿערמאַכט מײַן בײזע תאוה און בכיון פֿערטשעפּעט מיט'ן פֿוס אַ שטול און אומגעוואָרפֿען. אָנגעמאַכט אַ רעש.

מירקין האָט זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַ טיעפֿען אָטהעם און האָט אויפֿגעעפֿענט אַ פּאָר קײַלעכדיגע, פֿערוואונדערטע אויגען אָהן אַ שום רעיון. עטליכע מינוטען איז עס אַריבער, ביז ער האָט צוריק בעקומען לשון און אַרויסגעלאָזען אַ קול פֿון זײַנע קאַרשען-ליפּען:

— אַהאַ, ביזט שוין דאָ?

איך האָב פֿון איהם בעהאַלטען מײַן בלייכען פּנים און אָבגעענטפֿערט:

— דאָ... איך האָב דיך אויפֿגעוועקט? יאָ? דאָס האָב איך זיך פֿערטשעפּעט, אָן אַ שטול האָב איך זיך פֿערטשעפּעט...

און אין האַרצען האָב איך מיר געקלערט:

— דער רוח ווייסט איהם. געקומען און האָט זיך צולעגט... איצטער האָט ער זיך אויסגעשלאָפֿען און בבֿר'ט; און... געה ענטפֿער איהם! איך בין זיכער, אַז נאָך מײַן טוידט וועט עס בלײַבען דער זעלבער מירקין ווי איצטער... יאָ, דער זעלבער.

מיט אַפּעטיט האָט זיך מירקין אויסגעריבען די אויגען, אַראָבגעווישט די לעצטע סמנים פֿון דרעמלען מיט זײַנע געזונדטע, ווײַסע הענד און געזאָגט:

— אַזאַ טבע האָב איך שוין. איך קען ניט זיצען אָהן מלאָכה. אָדער עסען, אָדער טרינקען, אָדער לעזען, אָדער שפּאַצירען, אָדער פֿערשטעהסטו מיך... יע. און ווי נאָר איך בלײַב אָהן אַרבײַט, שלאָף איך אײַן. יאָ — יאָ —

דעם „יאָ" האָט ער אַרויסגעלאָזט מיט אַ לאַנגען געגעץ און מיט אַ שמייכעל פֿאַר איין מאָל. איך האָב געשוויגען.

נאָכ'ן לאַנגען געגעץ, פֿון וועלכען ער האָט הנאה געהאַט ניט ווייניגער ווי פֿון דרעמעל, האָט ער געמאַכט אָרדנונג אין זיין געזיכט און אַ בעט געטהון:

— האָסטו אַ פּאַפּיראָס? ביי מיר איז אויסגעגאַנגען.

— ערשטענס — האָב איך קאַלט געענטפֿערט — ווייסטו, אַז איך רויכער ניט. און צווייטענס — האָב איך ניט.

— אַי, אידיאָט, פֿאַרוואָס רויכערסטו ניט? ס'איז אַ טייערע זאַך, דאָס רויכערן, זאָג איך דיר.

פּויזע.

— דו רויכערסט ניט ווייל דו טרייסעלסט זיך אַזוי איבער דיין היגיעניע? אָדער וואָס?

איך האָב זיך שטום צעשמייכעלט. איך האָב זיך בעמיהט איינצוהאַלטען דעם שמייכעל, נאָר מיינע ליפּען האָבען זיך צוצויגען פֿון זיך אַליין: „אַ פּאָר טעג פֿאַר'ן אַריינשיסען זיך אין שלייף און... היגיעניע!" —

— הער נאָר, וואָס שווייגסטו? האָסטו ניט וואָס צום לעזען? איך האָב ביי דיר געזוכט אַ וועלכען-ניט-איז בוך און ניט געפֿונען — בין אנשלאָפֿען געוואָרען.

— מיינע אַלע ביכער האָב איך אָבגעטראָגען אין ביבליאָטעק. די איבעריגע האָב איך פֿערקויפֿט. יאָ.

מירקין האָט דערשפּירט, אַז איך האָב געוואָלט נאָך עטוואָס זאָגען און ניט דערזאָגט. שוין באַלד אַ חודש איז ער ביי מיר ניט געוועזען, ניט גערעדט מיט מיר. איך מיט איהם — דאָס זעלבע; איבער „גוט-מאָרגען, גוט-יאָהר" און גאַס. איך בין צופֿיעל געוועזען פֿערנומען מיט מיין רעוואָלווער. אצינד, אַ פּנים, האָט ער אין מיר דערשפּירט אַ שנוי, אַז איך בין ניט ווי אַלעמאָל. אין דער האַלב-טונקעלקייט וואָס אין צימער האָב איך געפֿיהלט, אַז ער קוקט אויף מיר מיט אַ פֿערוואונדערטען, קלאָרען און לאַנגען בליק, אַזוי נאָר ווי עס איז פֿעהיג צו קוקען אַ מענש מיט אַ פּאָר בראָהע, גרויסע אויגען, בשעת ער איז חושד. — פֿון זיינע ליפּען איז אַראָב די הנאה. איך האָב איהם אָבגעענטפֿערט מיט אַ קוק פֿון מיין זייט און געשוויגען. עס האָט זיך אַריינגעג'גנב'עט אַ ניט-גוטע

שטילקייט. א שטילעניש פול מיט חשד. מיינע נערוועז האבען ניט אייסגעהאלטען. א צוקאכטער בין איך געווארען: וואס וויל ער דא פון מיר?

— דו ווייסט, מירקין — האב איך איהם פלוצלונג אנגע־זאגט א בשורה — דו ביזט א גרויסער שוטה!

איך האב עס ארויסגעזאגט מיט א שמייכעלע, מיט א גיפ־טיגע לאנגזאמקייט. איך בין געווען זיכער, אז ער וועט בייז ווע־רען און וועט מיך אוועקשיקען צו זיין טייוועל... נאר ער האט געשוויגען און געקוקט אויף מיר ווי פריהער.

דאן האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז אט, אט וועט זיך צו־רייסען א פארהאנג צווישען מיר און איהם און עטוואס בעהאלטענעס וועט זיך ענטפלעקען. האב איך זיך אויפגעהויבען און א פרעג גע־טהון. מיין קול האט שיער, שיער ניט געציטערט:

— אנצינדען דעם לאמפ?

ער האט א לאך געטהון:

— פון ווען אן האסטו דאס אנגעהויבען מורא צו האבען פאר די שאטענס?

דערביי האט ער זיך א הויב געטהון, צוגעגאנגען צו מיר און אנגעכאפט מיט זיין ווייסער האנד מיין מאגערע פלייצע:

— הער נאר, חזיר, וואס איז מיט דיר? ביזט עפעס אזוי פרעמד, בלייך! ביזט עלענד, א? און ווילסט נאך אלץ ניט צו־געהן מיט מיר א היין, נייז? א פיינער בחור ביזטו, ניטא וואס צו רעדען. א שענער תכלית וועט פון דיר זיין. הער נאר, ווילסט? קום ווערען מיר א געה־טהון אין טאנץ־קלאס. איך וועל מיט דיר לערנען די חכמת־הטאנצען. ווילסט?

איך האב מיך ווילד צולאכט און הויך אויפ'ן קול. נאר איך האב געזעהען דער געלעכטער זאל ארויסקומען אביסעל ווייכער. כ'האב מיר געטראכט: „גוט; גוטע טענץ. טענץ לכבוד דעם רע־וואלווער, טענץ לכבוד דעם מלאך־המות!"

און מירקין איז געווען צופריעדען, וואס איהם האט זיך איינגעגעבען מיך פערנאנדער־צולאכען. און האט ווייטער גערעדט אין דער פינסטער:

— דו ווייסט? איך בין א גרויסער ליעב־האבער פון טאנ־צען: טענץ פער'שכור'ען מיך. מוזיק — נאך מעהרער. עס טרעפט,

אַז איך זיץ מיר אַזוי און לייען... פּלוצלונג דערהער איך ווי אַ קאַטערינקע שפּילט אין הויף „אַ קאַמארינסקע", אָדער „אַ קעקאוואַק, אָדער אַ „מאַצעש", האַפּ איך באַלד אַ שטול און נעהם זיך מיט איהם אַרום, זאָל דובטען, אַז דאָס איז אַ מיידעל, און לאָז מיך איועק טאַנצען צום טאַקט. דו — ועהסט? אַט אַזוי. (ער האָט געכאַפּט אַ שטול און אַיועק טאַנצען). אַט אַזוי, אַה! אַט אַזוי...

ער האָט שוין פערגעסען דאָס, וואָס ער האָט אָנגעהויבען, צוהיצט זיך און אַיועקגעלאָזען זיך פּלאַפּלען איבער אַלע מינים טענץ, וואָס ער קען און קען ניט; איבער שענע, לייךענשאַפטליכע נגונים. דערביי האָט ער אונטערגעקנאַקט מיט'ן צונג פון אַפּעטיט. — ער האָט דערצעהלט ווי אַזוי די מיידלעך האָבען ליעב מיט איהם צו טאַנצען. עס געהט זיי אויס דאָס חיות מיט איהם אַ טאַנץ־טהון... ער דרעהט זיך מיט זיי אַזוי גיך, אַז זיי פערדרעהט זיך באַלד דאָס קעפּעל און זיי זענען מפקיר זייער וואַרימען קערפּער ביי איהם אין די אָרעמס: נאַ, אַט האָסטו אַ טאַליע, אַט האָסטו אַ ברוסט, אַ קורצען אָטהעם — גלייך אין פּנים אַריין... איינמאָל איז ער שיער ניט געשטאָרבען פון תענוג: אַ גרויסער, קאַלטינקער צאָפּ, אַזאַ שוואַרצער, אַ גלאַטער, נעהמט און צולאָזט זיך אין מיטען טאַנצען און האַפּט איהם אַרום די האַלז... אָה!!

מיר האָט זיך פערגלוסט אַ זאָג טהון איהם עפּעס אַ שאַרף וואָרט, אָבקיהלען זיין קינדערשע פרעהליכקייט. — אַ פרעהליכקייט פון אַ מענשען, וואָס האָט קיינמאָל ניט געליטען, קיינמאָל ניט געקנייטשט דעם שטערען. קיין שאַרף וואָרט האָב איך אָבער ביי זיך ניט געהאַט גרייט, האָב איך אַ זאָג געטהון דאָס, וואָס איז מיר אַרויף אויפ'ן צונג; אַזוי קאַלט און שטיל:

— הער נאָר, דו ווייסט? דו וועסט דאָך שטאַרבען...

— וואָס הייסט שטאַרבען? — האָט זיך מירקין גענומען אָבקיהלען...

— דיר איז גאָר קיינמאָל ניט אַרויף אויפ'ן זין? — האָב איך איהם מיט אַ פער'סור'עטען קול געענטפערט — שטאַרבען! פערשטעהסט? ש ט אַ ר ב ע ן... אַ וועלנער געהט דורך, פאַלט איהם אַרויס דער ביקס און שיסט אויס — שטאַרבט מען... ס'איז

א רעגענדיגער טאָג, גליטשט מען זיך איס און דער בראַמוויפליהם אָן — שטאַרבט מען...

— שטאַרבט מען — האָט נאָך מיר מירקין ווי א ווידערקול נאָכגעזאָגט אין אַנטשוויגען געוואָרען. שטיל.

די שווערע שטימונג איז געווען פאַרטיג. די שטילקייט אין צימער האָט אונטערגעהאָלפען.

— דו ווייסט? — האָט זיך אין א ווײַלע אַרום ווידער אַמאָל דערהערט מירקינס קול. דער קול איז געווען דומפּיג.

— וואָס?

— אַז דו זאָגסט „שטאַרבען" קומט דאָס אַרויס אַנדערש ווי בײַ אַנאַנדערן. אַז אַנאַנדערער וואָלט דאָס געזאָגט וואָלט מיך ניט געאַרט...

פּויזע. און אין א מינוט אַרום:

— אָבער וואָס האָסטו זיך עפּעס פלוצלונג דערמאָנט אָן טוירט? יאָ. כ'וועל שטאַרבען, ס'פערשטעהט זיך. אָבער אַז איך לעב דאַרף איך לעבען. אויסלעבען ביז'ן לעצטען פונק. נעהמען אַליז, אַליז, צום טײַוועל!

— עהע... — האָב איך מיר געקלערט — ס'האָט דיך שוין דערנומען? וואַרט אַקאָרשט!

ער איז שוין געווען גרייט האַפּען ווידער אַמאָל א שטול און אויפקלאַפּען זיך טאַנצען. אפשר, כדי צו פערטרײַבען דעם פערבאָרגענעם שרעק, וואָס האָט שוין אַרומגעשוועבט אין צימער. נאָר מײַן געזיכט און מײַן קאַלטע שטימע האָבען איהם געצוואונגען בלײַבען זיצען אויף אַנ'אָרט:

— יאָ. לעבען. נעהמען אַליז פון דעם לעבען. מען ווייסט, דאָס זענען אַליז אָבגעדראָשענע, שענע פראַזעס פון מענשען, וואָס האָבען מורא פאַר זיך אַליין. ווײַס! א סך נאַטירליכע שלעכץ איז דאָ אויף דער וועלט און אַביסעלע גוטס. דאָס ביסעלע גוטס איז אויך געמאַכט. מענשען האָבען עס בעשאַפען. און דאָס ביסעלע גוטס איז קאַרג, זעהר קאַרג אײַנגעטיילט. איטליכען מענשען קומט אָן אויפ'ן שפּיז מעסער. די חיטרע מענשלעך, מיט די קליינע נשמה'לעך, מיט די קורצזיכטיגע אויגעלעך, בעמיהען אויסצונוצען זייער חלק'על גוטס ביסלעכווייז, ביסלעכווייז. אַלע טאָג לעקען זיי אַראָב איין טראָפּען, אַלע טאָג — א טראָפּען, כדי צו פערלענגע-

דען דעם קליינעם לעבענס־תענוג, וואָס פֿער׳שכּור׳ט אַביסעל; כּדי הנאה צו האָבען אַלע טאָג אַביסעלע ביז׳ן לעצטען מאָמענט... זייער בהמה׳שער אינסטינקט זאָגט זיי אונטער שטילערהייד, אַז אויב זיי וועלען זייער גאַנצען חלק׳על גוטס אויסזופּען פֿאַר איין מאָל, חעט זיי פּלוצלונג איבערבלייבען אַ לעדיגער פֿינסטערער רוים אי־בער זייער וועלטעל, און זיי וועלען שוין קיינמאָל מעהר ניט האָ־בען מיט וואָס עס צו דערפֿילען... פֿערשטעהסט? סיירען מיט בלויז גענעצען. וואויל וועט דיר זיין, מירקין, אויב דו וועסט לעבען ווי די דאָזיגע מענשען, אויב דו וועסט זיך טאָג־טעגליך בענוגענען מיט איין פּיצעלע גוטס, מיט איין פֿונקעלע גליק. מיט קליינינקע שטרעבונגלעך, זאָלסט זיך חס ושלום ניט איינרייסען. שטענדיג וועסטו דאַן זאַט זיין, דו און דיין נשמה. לעבען וועסטו לאַנג. וועסט לעבען און ניט גענעצען. בייטאָג וועסטו אַרבייטען, ביינאַכט וועסטו שלאָפֿען. בייטאָג וועסטו עסען מיטאָג און פֿאַר־נאַכט וועסטו טרינקען טיי און לייענען אַ ציימונג. אַז ס׳וועט קו־מען די צייט טהון אַ שדוך — וועסטו חתונה האָבען. אָהן נדן זאָלסטו ניט חתונה האָבען. דו וועסט הנאה האָבען און דיינע על־טערען וועלען זיך פֿרעהען. מעבעל וועסטו איינקויפֿען און אַ קיך וועסטו האָבען און אַ שלאָף־צימער. געסט וועלען צו דיר קומען אַלע שבת און קינדער וועסטו האָבען. קינדער מיט גאַנצע מייט־קעלעך און מיט פֿערבאַרשטענע קעפּעלעך. וועסט אַזוי לעבען, וועסט לעבען, זאָג איך דיר... ס׳זענען אָבער דאָ מענשען — אָט די קהלת־שרייבער, די עפּיקורס, די קאַראַמאַזאָווס, זיי זענען נאַיוו און אונוויסענד ווי קינדער. זיי פֿערשטעהען ניט ווי קען מען דאָס טרינקען דאָס ביסעלע גוטס טראָפּענווייז, פּינקטליך. זיי פֿערשטע־העו ניט, ווי אַזוי האַלט מען דאָס אַ גרויסע לײדענשאַפֿט ווי אַ הונד אויפֿ׳ן קייט און מען וואַרפֿט איהר ברעקלעך... אָט אַזעלכע קינדער זענען דאָס! האַלטען זיי זיך ניט איין און זופּען אויס דאָס גאַנצע גוטס מיט דורשט, מיט איין מאָל. — און ווייסטו דעם סוף פֿון אַזוינע מענשען? דו ווייסט? — לאַנגווייליגקייט, יאוש, עקעל צו מענשען און צו אַלץ וואָס זיי זעהען און הערען. איינ־געשלונגען דאָס ביסעלע גוטס און אַלץ איז מיט אַמאָל פּוסט גע־וואָרען, האָט פֿערלאָרען זיין טעם. דאַן חאַפּט מען זיך פֿאַר׳ן קאָפּ און מען רייבט נערוועז די אויגען און מען קוקט אויף אַלץ מיט

שנאָה: אָט דאָס איז דאָס לעבען? און מיר האָבען איף גליק געהאָפּט? און מיר האָבען געוואַרט אויף משיח'ן?

פֿון מירקינס אויסזעהען, אויף וויפֿיעל עס איז געוועזען צו בעמערקען ביי דעם גראָהען אָבשיין פֿון פֿענסטער, האָב איך פֿערשטאַנען, אַז ער הויבּט מיך ניט אָן צו פֿערשטעהן. ער בעמיהט זיך נאָר אָנצושטעלען אַ סעריאָז פּנים פֿון אַ מענשען, וואָס פֿערשטעהט איין זאַך פֿון דאָס צווייטע. די גאַנצע צייט, וואָס איך האָב גערעדט, האָט ער געקנייטשט דעם שטערען ביז צום וועהטהון און האָט מיר געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ ווי אַ פֿערד, ביי וועלכען ס'האָט זיך געשטעלט אַ בייסענדע פֿליג אויפֿ'ן רוקען. און דער עק איז איהם צו קורץ צוצוקומען אַהין און אַ שמיץ טהון.

דאַן בין איך צו איהם צוגעגאַנגען שטילערהייד, זיכער אין דער קראַפֿט פֿון מיין וואָרט. מיט דראָבנע, פֿער'סוד'עטע טריטעלעך בין איך צוגעגאַנגען; ווי אַ קאַץ דערשמעקענדיג אַ מויז אין דער פֿינסטער. מיר האָט זיך פֿערגלוסט אַרויסלאָזען נעגעל, אַריינרוקען זיי טיעף, טיעף, אַז עס זאָל וועה טהון. אין צימער האָט זיך שטיל אַראָבגעלאָזען די נאַכט. מירקין איז געזעסען אויף מיין בעט. און ער צוזאַמען מיט דער בעט האָבען זיך צונויפֿגעגאָסען אין איין פֿאַנטאַסטישען שטיק פֿינסטערניש. איך האָב איהם אָנגעריהרט ביים אַקסעל. ער האָט אַ ציטער געטהון. כ'האָב געוואוסט, אַז ער וועט אַ ציטער טהון:

— אָבער לאָמיר שוין זאָגען, אַז מען דאַרף לעבען, אָדער מען קען לעבען צוליעב דעם פּראָצעס פֿון לעבען גופא; אָהן אַ קלאָרען זין. אָהן אַ זיכערען וועג, אָהן אַנ'אמת'ע בעוואוסטזיניגקייט. מען דאַרף לעבען! אָבער די עלטער? גיב אָקאָרשט אַ טראַכט: די עלטער! האָסטו דען געזונטער. פֿרעהליכער. בעוועגליכער יוען ניט איז געטראַכט וועגען דער קומענדיגער עלטער? האָסטו זיך ווען ניט איז פֿאָרגעשטעלט ווי מען פֿוילט לעבעדיגערהייד, קערפּערליך און גייסטיג. און מען בעמערקט עס גאָרניט? האָסטו ווען ניט איז געטראַכט פֿון דאָס מאוס'קייט, פֿון דער פֿערפֿוילטער עקשנות וואָס קומען צוזאַמען מיט דער עלטער? האָסטו געטראַכט פֿון אַ מויל מיט אַריינגעשטעלטע ציין, פֿון אַ מוח מיט אַריינגעשטעלטע מחשבות? האָסטו געטראַכט פֿון אויגען אָהן ברעמען, פֿון מאָגערע קרומע ביינער אָנשטאָט פֿיס, פֿון צוקנייטשטע

העֶנד, וועלכֶע האָבען אַנ׳עֶרד-פֿאַרב און ציטערען? די שטאָלצע ברוסט פֿאַלט איין — ווער וויל זי צודריקען צו זיך? דאָס געזיכט — פֿערוועלקט, אונטער די אויגען בלאָהע זעקעלעך — ווער וויל דאָס קושען? דאָס האַרץ שמאַטעדיג. אויסגעניצט — קיינער וויל דאָרטען גאָרניט פֿערזייען. און אַז מען וועט פֿערזייען, וואָס וועט דאָרטען אויסוואַקסען? די תאוה איז קיין תאוה ניט, דאָס געפֿיהל — קיין געפֿיהל. און דאָ זעהסטו נאָך מיט די אויסגעלאָשענע אויגען אַ סך יונגעלייטלעך, פֿרעהליכע, לייכטזיניגע יונגעלייטלעך, קומען אָן און ירש׳נען דיך לעבעדיגערהייד און געוועלטיגען איבער דיין וועלט; קומען אָן און צוטרעטען אָהן רחמנות אַלץ וואָס איז דיר געווען טייער, און פֿערטרייבען דיך מיט שפּאָט, מיט אַ פֿייפֿעריי און טראָמפּייטעריי פֿון דער לעבענס-בינע. דיין קרייַנקליך האַרץ פּלאַצט אַזש פֿאַר קנאָה, פֿאַר אַלטעשקע קנאָה, פֿאַר אָבגעלעבטע בייַנקעניש; דו מוזט אָבער שווייגען, שווייגען און וואַרטען מיט בעהאַלטענע זיפֿצעלעך און וועהטאָגלעך ביז דו וועסט אינגאַנצען אויסגעהן ...

דו הערסט, מירקין? מיר דאַכט זיך, אַז איך אייראָפּעער, ציוויליזירטער מענש פֿון 20-טען יאָהרהונדערט, הויב אָן אָפּטמאָל צו פֿערשטעהן דעם „ווילדען" מנהג פֿון די עסקימאָסען און טונגוסען אויף׳ן ווייטען, ווייטען צפֿון, צווישען די אונענדליכע טונדרען.. דו ווייסט וואָס זיי טהוען? מירקין, דו ווייסט? זיי טויטען זייערע אַלטע לייט! ווי נאָר אַ מענש ווערט אַלט אין זייער שבט — הרג׳נען זיי איהם. פֿערשטעהסט? זיי פֿערוויקלען איהם אין אַ ווייַסע, בעריזשע פֿעל און דער עלטסטער פֿון שבט דערשטעכט איהם. זיי מאַכען נאָך דערפֿון אַ גאַנצען יום-טוב מיט טענץ... מען טרינקט גאַנצע בעקענס מיט טראָהן ביי דעם פּלאַטערדיגען אָבּשיין פֿון די צפֿון-שטראַהלען ... אָ-האָ, איך פֿערשטעה זיי, איך פֿערשטעה זיי! דו הערסט? איך פֿערשטעה זיי ...

מירקין האָט זיך פּלוצלונג אַ הייב-געטהון און אַרויפֿגעלעגט מיר זיין ווייכע האַנד אויף׳ן אַקסעל. זיין קול האָט אַביסעל געציטערט אין דער פֿינסטער:

— הער נאָר. ברודער, ניט אַלץ פֿערשטעה איך וואָס דו רעדסט. דו האָסט עפּעס אין זיך אַ זאַך, וואָס איז מיט דיר צוזאַמען געבאָרען געוואָרען. איך פֿערשטעה עס ניט. אָבער דו ביזט

עֶפּעֶס אַ מאָרנעֶר. דעֶר טײַוועֶל ווײַסט דיךְ. דײַן מאָן שרעֶקט מיךְ. מעֶן קעֶן שמועֶסעֶן איבעֶר אַ געֶראַנק, אָבעֶר ניט מיט אַזאַ טאָן. אַז דו רעֶדסט אַזוי, דוכט זיךְ מיר, אַז דו קלײַבסט זיךְ עמיצען הרג'נעֶן. מײַן עֶהרעֶן וואָרט, געֶהט עֶס צום ווינעֶר טײַוועֶל! ציינד אָן דעֶם לאָמפּ — צו אַלדי שוואַרץ יאָהר. ווי האָסטו געֶזאָגט? — זיי טוידטעֶן זייעֶרעֶ אַלטעֶ לײַט און טרינקעֶן טראָהן בײַ דעֶם פלאַטעֶרדיגעֶן אָבשײַן פון צפון־ליכט...

איך האָב געֶשוויגעֶן.

— קויפעֶן ביער? איך וועֶל געֶהן קויפעֶן.

— קויף.

— אַ האַלבעֶ טוץ?

— אַ האַלבעֶ טוץ.

— פוי — מיר וועֶלעֶן אַביסעֶל אויסטרינקעֶן.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָבעֶן זיך ווידעֶר דעֶרהעֶרט אויף די טרעֶפּ מירקינס געֶזונטעֶ טריט און אַ קלונג פון פלעֶשעֶר. איך האָב געֶמײַנט, אַז עֶר איז אַרויס און וועֶט שוין צוריק ניט קומעֶן. אַז איך וואָלט געֶוועֶן עֶר, וואָלט איך אַזוי געֶטהון. כ'וואָלט אַרויסגעֶגאַנגעֶן קויפעֶן ביער, אָבעֶר אויפ'ן גאַס וואָלט איך זיך מישב געֶוועֶן און וואָלט שוין צוריק ניט אַרײַן: און בלײַב דיר דאָ איינעֶר אַלײן מיט דײַן שרעֶקעֶן די געֶנז, מיט דײַן פילאָזאָפיעֶ. און — „עֶר" — ביער ברעֶנגט עֶר מיר גאָר... ביער ברעֶנגט עֶר מיר און קלײַבט זיך ווײַטעֶר הערעֶן דאָס, וואָס עֶס שמעֶקט איהם ניט... אַזאַ יאָלד!

אָנגעֶצונדעֶן דעֶם לאָמפּ. אויסגעֶשטעֶלט אַ באַטאַרײַעֶ מיט פלעֶשעֶר ביער. און מיר האָבעֶן זיך געֶזעֶצט טרינקעֶן.

איך האָב אַ סך געֶטרונקעֶן און געֶקוקט אויף מירקינעֶן. און מירקין האָט ניט געֶקעֶנט פערטראָגעֶן מײַן אויפגעֶרעֶגטעֶן בליק און האָט, כלומר'שט, מיט גרויס אינטעֶרעֶס בעֶטראַכט די שיום אין זײַן גלאָז. אין צימעֶר איז געֶוועֶן שטיל. נאָר דאָס זופּעֶן פון דעֶר ברוינעֶר משקה און מײַן אָטהעֶם, וואָס האָט אָנגעֶהויבעֶן אָפטעֶר און זודיגעֶר צו וועֶרעֶן, האָבעֶן פּאַמעֶליך בעֶוועֶגט די שטילקײַט. דאָס ביער האָט געֶגלאַנצט אין לאָמפּשײַן ווי קלאָרעֶר ברוסטין — איבעֶן מיט אַ ווײַכינקעֶר, זילבעֶרנעֶר שיום. קום, קום

צו חאַפּען מיט'ן אויער, האָבען די זילבערנע בלעזלעך אונטערגע־קנאַקט אין גלאָז: פּיק—פּיק—פּיק.

אַ לעצטע פליג, אַנ'אַנדענקונג פון זומער, אַנ'אַנדענקונג פון דער וואַרימער זון. — וואָס האָט ביז אהער געבלאָנדזשעט ערגעץ־וואו אין דער פינסטער, האָט דערפיהלט, אַז מען האָט אָנגעצינדען אַ לאָמפּ און איז זיך געקומען וואַרימען אין זיין אָבשיין. די בעווע־גונגען פון דער פליג זענען געווען אָבגעלאָזען, איהרע דורכזיכטי־גע פליגעלעך האָבען אין זיך קיין לעבען ניט געהאַט; איהרע דינע אויסגעמאָגערטע פיסלעך האָבען זיך נאָכגעשלעפּט. זי האָט אַרויפ־געקלעטערט אויפ'ן לאָמפּ און געוואָלט צוקומען צו דער אָנגע־גליהטער גלאָז און האָט זיך אָבגעברענט. האָט זי געחאַפּט אויס־שפּרייטען איהרע פליגעלעך — אַיועקפליהען. און האָט ניט גע־קענט. פון אָנשטרענגונג איז זי נאָר אַנידער געפאַלען מיט'ן בייכעל אַרויף און געמאַכט מיט די פיסלעך:

— זוו... זוו...

— דו זעהסט? — האָב איך זיך געווענדעט צו מירקינען, וועלכער איז געווען בלייך, און איהם אָנגעוויזען מיט'ן פינגער אויף דער פליג — אָט האָסטו: הערבסט... פערצווייפלונג... עלענד... עלטער, עלטער, עלטער... חאַ—חאַ!...

מירקין האָט אַ ציטער געטהון, געחאַפּט און אַרונטערגעוואָר־פען די פליג אונטער'ן פינסטערען טיש און אַ זעץ מיט האַס אָן דער קאַלטער פאָדלאָגע; דערביי האָט ער אַ וואָרטשע געטהון זיין שטענדיגע גוטע קללה:

— חאַפּט עס דער טייוועל!

— וואָס האָסטו דאָס געמאַכט? — האָב איך לאַכענדיג אַ פרעג געטהון — פאַרוואָס האָסטו אַרונטערגעוואָרפען די אַלטישקע פליג אונטער'ן טיש? אַ דאגה האָסטו, אַ? זאָל זי זיך וואַרי־מען...

— אַי, לאָז מיך... עס איז פאַסקודנע... אַ בעפליגעלטע בעשעפעניש ווערט מיט אַמאָל אַ וואָרעם... קריכט, קריכט...

צו וועמען האָט עס טענות? זוו, זוו... טפו זאָל עס ווערען!

— יאָ — האָב איך געענטפערט און דערפיהלט, אַז איך בין שוין אַביסעל בגלופין'דיג — יאָ. און אַזוי ווי זי, וועסטו אויך זיין. פיהלסטו שוין ניט דען די עלטער? איך, למשל, פיהל

שטענדיג דעם ווינטער ווען עס איז נאך אנהויב זומער. ווען אלע האבען נאך בדעה מקבל־פנים זיין מיט שטרויענע היט און מיט דעקאלטע די ליבטיגע זומער־טעג, האב איך שוין מורא פאר דער הערבסט־בלאטע, פאר שניי־זאווערובעס. ווען עס קלאגט אין קוי־מען: — „או—או—ו..." סוף־כל־סוף יועלען זיי דאך אנקומען! פערשטעהסט? נאך א חודש, נאך א וואך, אבער קומען מוזען זיי. איך בין נאך יונג און איך פיהל שוין די עלטער. זי בעהאלט זיך שוין ביי מיר אט דא אה! — אין קאפ, אין די פיס... זעה, און אט דא: אין ברוסט, אין ברוסט... איך וויים. זי ווארט און לאבט פון מיר... ביי דיר איז אויך אזוי, נאר דו פיהלסט עס ניט... פארוואס, ווייסטו? אט וועל איך דיר זאגען: ווייל דו ביזט א טראמוויי־פערד. מען האט דיר אנגעטהון א פאר רימענדלעך אי־בער די אויגען: קוק אויף די רעלסען און לויף:.. דו האסט עס שוין גע׳ירשנ׳ט פון אבות אבותינו... אז זיי זענען אריינגעפאלען אין גרוב האבען זיי דיר דאס איבערגעלאזען: נא, טהו עס אן און זיי א גוטער פערד... זעה, זעה, מירקין. פערליער זיי ניט. אז ניט וועסטו פאר דער צייט אין גרוב אריינפאלען. — פון וואס האבען מיר דא גערעדט? יא, מכח א פליג האבען מיר גערעדט. האסט זי ארונטערגעווארפען אונטער׳ן טיש? — אזוי וועסטו אויך זיין... איך זעה דיך שוין ווי דורך א גלאז... אלע וועלען דיך איועקווארפען... ווען טוינסטו, דו אבגעלעבטע פגירה איינע... האסט דאך אליין געזאגט: זוו... זוו... טפו — א? חא—חא—חא...

מירקין האט ניט געקענט איינזיצען. ער איז געווען בלייך. די אויגען זענען איהם פון שטערען געקראכען.

— הער נאר! — האט ער אויסגעשריען — דו ביזט שוין שכור, מיין עהרען ווארט דו ביזט שכור! וואס לאבסטו אזוי? וואס רעדסטו אזעלכע משונה׳דיגע ווערטער?

איך האב גיפטיג א לאך געטהון:

— אט דאס זענען משונה׳דיגע ווערטער? הער, וועל איך דיר דערצעהלען עפעס משונה׳דיגעס. זיץ, זיץ, הערסט דאך, אז איך בין נאך געווען א יונגעל און דער רבי האט מיך איינמאל אבגע־שמיסען פאר א קליינינקייט, איז ביי מיר פלוצלונג ארויסגע־שוואומען א מורא׳דיגער חשד אין הארצען: איך האב גענומען חושך

זײַן, אַז אַלע מענשען, וואָס דרעהען זיך אַרום מיר אַרום, טאָג־טעגליך, אפילו מײַן טאַטע, מײַן שטיפמוטער, מײַנע פֿעטער און מומעס, מײַנע חברים פֿון חדר און דער רבי, אָהאָ, דער רבי — אַלע זענען ניט קײַן אמת׳ע מענשען. ניין, ניט קיין מענשען ווי זיי מאַכען זיך... נאָר שדים. אַ סך שלעכטע שדים, וועלכע האָבען זיך פֿערמאַסקירט ווי מענשען... און איך אַליין... נאָר איך בין דאָס דער איין־אײנציגער, אמת׳ער מענש אויף דער וועלט... אַלע שדים פּײַניגען מיך, פֿערשטעלען זיך ווי רבי׳ס און פֿאָטער׳ס און פּײַניגען מיך... עקסטרע, צוליעב דעם האָט מיך גאָט צו זיי אַראָבגעשיקט... זעהט נאָר, פּלעג איך מיר קלערען. ווי דער רבי גלעט זיך די באָרד, ווי דער טאַטע עסט מיטאָג, ווי די שטיפּ־מוטער שנאָרכט... זיי מאַכען זיך גאָרניט וויסען... און וואָס מעהר איך האָב פֿון זיך געטריבען דעם דאָזיגען חשד, אַלץ מעהר האָט ער זיך אין מיר אײַנגעגעסען און ניט געלאָזען צורוה. איך בין געווען זיכער, אַז אַלע מצוות און אַלע געזעצען, דער גאַנצער דרך־ארץ מיט׳ן מוסר, די לערנעכצען מיט די לעהרער, זענען בעשאַפֿען געוואָרען נאָר צוליעב מיר קרײַנקליכען, שוואַכינקען, וואָס קען דאָס אַלץ בשום־אופן ניט אויספּילען. די בײזע גײַסטער וואָס אַרום מיר האָבען דאָס אַלץ געמאַכט. נאָר כדי צו האָבען דערנאָך אַנ׳אויסרעד מוסר׳ן מיך, שמײַסען מיך, לערנען מיך זײַן „אַ מענש״, דערגעהן מיר די יאָהרען... זיי זענען אַזוי חיטרע — די שדים, אַז זיי האָבען זיך נאָך פֿערשטעלט ווי יונגלעך אויך. חע — פּונקט אַזעלכע יונגלעך ווי איך... זיי לערנען, כלומר׳שט, מיט מיר אין איין חדר, און מען שמײַסט זיי, כלומר׳שט, אַזוי ווי מען שמײַסט מיך, כדי איך זאָל גאָרנישט חושד זײַן... אָבער מיך וועט מען ניט נאַרען... אָהאָ, מיך וועט מען ניט נאַרען...

דער מאָדנער חשד איז אין מיר געזעסען בעהאַלטען אַ צײַט, אַ צײַט און האָט מיך געשראָקען בײַנאַכט. קיינעם האָב איך דער־פֿון קיין וואָרט ניט גערעדט. אַ שאָטען פֿון דעם דאָזיגען חשד פֿאַלט נאָך אויף מיר ווען ניט איז יעצט אויך. פֿון וואַנען למשל ווייס איך, אַז דו ביזט טאַקי אַזאַ מענש ווי איך און ניט קיין שד? מיר דאַכט, אַז דו האָסט זיך פֿערמאַסקירט אין אַזאַ שען. פֿרעה־ליך געזיכט. אין אַזאַ געזונטען מענשעשען קערפּער, נאָר כדי צו דרײַצען מיך קרײַנקליכען, אומעטיגען. מאוס׳ען... פֿאַרוואָס האָב

איך פריהער איבערגעקעהרט א שטול, א? ווייסט ניט? און וועסט ניט וויסען... זאָג, באמת וועր ביזטו? עפּעס דאָס יארט „טייוועל" געהט דיר פון צונג ניט אראָב, חא—חא.. אפשר טרינקסטו מיט מיר יעצט ביער און אין אמת'ען שטעקסטו מיר דאָרטען ארויס א לאנגע, רויטע צונג און איך זעה עס ניט?... זאָג —

— הער אויף! איז מירקין ווידער אויפגעשפרונגען — הער אויף, משוגע'נער... איך קעהר באלד איבער דעם טיש מיט אלע פלעשלעך.. דו הערסט?

און באלד איז זיין קול שוואך געוואָרען, און זיינע אויגען האָבען בעקומען זייער גוטען גלאנץ. ער האָט מיך אָנגעהאפּט מיט זיינע ווייסע הענד פאר'ן אָרעם:

כ'בעט דיך, הער אויף. ס'איז ניט שען, באמת ס'איז ניט שען, רעד ווי א מענש. זיי ניט משוגע און בכלל... ווייס דיך דער טייוועל!

דאָס האָט מיך איבערגעבראָכען. איך האָב דערפיהלט, אז עטוואָס א קאלטע זאך צושמעלצט זיך ביי מיר אין הארצען, רוישט סענטימענטאל און געהט צוזאמען מיט דעם ביער-נעבעל אין קאָפּ. מירקינס ווייבערליבקייט איז אריבער צו מיר. דער רצון איז צע-שיזאוטען געוואָרען. כ'האָב מיט אמאָל דערפיהלט א גרויס רחמנית אויף זיך אליין. דער פערקיהלטער שמייכעל איז אָבגעווישט גע-וואָרען פון מיין פנים. ביז צו טרעהרען האָט זיך פערוואָלט עפּעס ארויסרעדען, קלאָגען זיך פאר עמיצען, וואָס וויל מיך הערען, וואָס וויל מיך פערשטעהן. אפילו ביי גרויסע מענשען טרעפט זיך אויך, אז זיי פיהלען א בעדערפעניש אויסצוגיסען זייער הארץ פאר קלענערע מענשען, וועלכע זיי שעצען א האָר ניט. —

— גלויב מיר — האָב איך אָנגעהויבען — איך בין נאָר ניט משוגע. אלץ וואָס איך האָב ביז אהער גערעדט — האָב איך דאָס גערעדט צו זיך אליין. פערשטעהסט? צו זיך אליין... א מאָדנער מענש בין איך. אזוי זעה איך דיר אויס? ס'קען זיין. און ווייסטו פארוואָס? וויל צווישען אונז ביידען איז דאָ א גרויסער אָבגרונד: דו פערמאָגסט א שענע שאָלעכץ, א שען געזיכט, א שלאנקען גוף, א שטאָלצען גאנג, א ליעבע שטימע... דאָס אלץ פאָדערט דאָס לעבען, דאָס דארפען עס, פאר אזעלכע אנטיקען ־יועט עס דיך מקרב זיין. וואָס געהט עס אָן וואָס איניועניג איז?

זיבֿער וועסטו זיך געהן מיט דיינע אויסוועניגסטע מעלות און וועסט אם ירצה השם מצליח זיין. געה מיט דעם וואָס דו האָסט און האָב גליק. איך וועל דיך נאָר בעגלייטען מיט מיין לאַנגען בליק... אויף איין אָרט וועל איך דאָ פֿערגליווערט בלייבען. אָדער... ווייסט פֿאַרוואָס? וויַל מיר פֿעהלט דאָס, וואָס דו האָסט. איך האָב נאָר אַ סך נערווען און עפּעס אַ שטיקעל רויט-פֿלייש, וואָס וואַרפֿט זיך און קאָכט און ווערט נתפּעל, און טהוט וועה — מען רופֿט דאָס הארץ. איך האָב אַ צו שפּיציגען מוח, רעיונות — וועלכע געהען מיר אַרום ווי בליצען. אָבער איך האָב ניט אויף זיי קיין אויסוועניגסטע שאָלעכֿץ, וואָס זאָל עס בעהאַלטען אונטער זיך, וואָס זאָל עס בעשיצען ווי אַ פּאַנצער. קיינער זאָל גאָרנישט זעהן. קיינער דאַרף ניט וויסען וואָס אונטער דעם פּאַנצער געפֿינט זיך!... און דו האָסט שוין געזעהן אויף דיין לעבען אַ פּרי זאָל וואַקסען, און צייטיג ווערען און זיס ווערען, ניט האָבענדיג אויף זיך קיין שאָלעכֿץ?

קוק זיך צו מיר צו און זאָג, וואוהין קען איך זיך ווענדען מיט דעם מאָגערען, מאוס'ען פּנים. מיט אַזוינע שוואַכֿע הענד, מיט אַזאַ קריינקליכֿען קערפּער; מיט אַזוי פֿיעל נערווען און מיט אַזאַ קליינעם גלויבען; מיט אַזוי פֿיעל תּאוות און בּרוימען און מיט אַזוי ווייניג האָפֿנונג דערגרייכֿען דאָס? צו וועלכֿער בראַנזשע קען איך זיך צופּאַסען? וואָס קען איך נעהמען פֿון דאָס אַלגעמיינע לעבען און וואָס קען איך עס געבען? זעה...

אין האַלז איז מיר ביטער געוואָרען. איין גלאָז ביער און איך האָב צוריק בעקומען לשון. מירקין האָט אויף מיר געקוקט מיט אַ רחמנות'דיגע נייגעריגקייט. אָט, אָט צעוויינט ער זיך פֿאַר רחמנות און צעלאַכֿט זיך פֿאַר גרויס פֿרייד, וואָס ער איז ניט אַזוי ווי איך...

אָט האָסטו אַ דעקלאַראַציע, אויב דו פֿערשטעהסט ניט, — האָב איך זיך שוין מעהר ניט געקענט איינהאַלטען. געפֿיהלט, אַז דאָס איז צו פֿיעל און דאָך גערעדט, — אַז מיין טאַטע איז געשטאָרבען האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען מיינע פֿעטערס און מיינע מומעס, געהאַלטען עצות וואָס צו טהון מיט מיר, ווע‏מען פֿערקויפֿען אין קנעכֿטשאַפֿט. מיין דינינקען קערבערל. — דער האָט אַנ'עצה געגעבען מאַכֿען פֿון מיר אַ סקאָרניאַק. נעהמט אַ צווייטער

פֶּעטער און בּעוויַיזט בּעשיַינפּערליך. אַז נאָר גאָלדשמידעריַי איז פאַר מיר אַ גליק. קומט אַ דריטער און פּויקט מיט'ן פינגער אין טיש אַריַין: ניט אַנדערש — אַוועקגעבּען מיך פאַר אַ זייגערמאַכער, אַ פיַינע מלאָכה, אַנ'איידעלע מלאָכה און ... מען האָט פון איהר אַ „לאַבּען בּרויט". מענשען! זיַין בּנ'אָק איז אויך געווען אַ גאָרנישט־שבּגאָרנישט, האָט ער איהם אַוועקגעגעבּען פאַר אַ זייגערמאַכער, האָט ער שוין יעצט אַ „לאַבּען בּרויט". —

האָט מען מיך אָבּגעגעבּען צו אַ זייגערמאַכער.

צו אַזאַ אַרבּייט דאַרף מען האָבּען געדולד: צוזאַמענשטעלען די קלענסטע רעדעלעך, צופּאַסען פּאַמעליך די האָר, אַרויסנעהמען און פּוצען איטליכע שריַיפעלע בּעזונדער, פאָרזיכטיג, רוהיג. דאָס אַלץ האָט מיר געפעהלט. האָט זיך מיר ניט איַינגעגעבּען פערריכּ־טען אַנ'אַלטען זייגער, אויף וועלכען איך האָבּ מיך די ערשטע ציַיט געלערענט, פלעג איך איהם נעהמען ציהען די גדערעם מיט אַ פערבּויגטען דראָט ער זאָל געהן גיכער. אַז מיַין בּעל־הבּית איז נאָר אַרויס פון אַרבּייט־צימער און די זייגערס האָבּען מיר גענומען אַרויסשטעקען זייערע מעשענע אומרוהערס פון די וועַנד, און טי־קען און טאַקען, פלעג איך ווערען אַ פערבּרענטער. ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זיי רייצען זיך מיט מיר, מישען מיר איבּער, וואָס איך טראַכט: „ס'איז שוין ציַיט צו געהן אַ היים" — טיק — טיק! „אויפ'ן מאַרק האָבּ איך שוין געזעהן אַגרעשען" — טאַק — טאַק! „דער פעטער זאָגט, אַז איך וועל אי"ה האָבּען אַ „לאַבּען בּרויט" — טעק — טעק!... ס'פלעגט מיך אָננעהמען אַ חשק צובּרעכען אַלע זייגערס בּיז איינעם און טאַנצען דערנאָך אויף די צעבּראָכענע רעדלעך. אַראָבּ פון די וועַנד, אַראָבּ פון די וועַנד! כּדי צו קיהלען זיך אַבּיסעל פלעג איך אָנשטעלען די וויַיזערס פון אַלע זייגערס גליַיך, און שלעפּען זיי דערנאָך בּיַי די קייטלעך, זיי זאָלען שלאָגען אַלע אויף איין מאָל. פלעגט דאָס אַבּיסעל ווערען אַ קלינגעריַי מיט אַ שלאָגעריַי אויף אַלערליי לשונות און קולות, דינע און מיטעלע און בּאַסאָווע. — האָט מיך אָבּער איינמאָל דער בּעל־הבּית געפּאַקט בּיַי אַזאַ מלאָכה און האָט מיר געגעבּען האַלז און אַקען. — האָט מען מיך אַוועקגעגעבּען צו אַ גאָלד־שמיד. די מיַיסטערסקאיע איז שטענדיג פול געווען מיט סאַזשע, פערגאָסען מיט נאַפט, פערשטויבּט, פערשמאָלצען. אין אַ קורצע

צײַט אַרום האָט מען מיך אַרויסגעטריבען. איז מקום געװאָרען די עצה פונ'ם דריטען פעטער און מען האָט מיך אַװעקגעגעבען פאַר אַ סקאַרניאַק. דער שלעכטער געװרוך פון די פעלכער און קאָל-נערס און אַבלאָמען איז מיר שטענדיג געשטאַנען אין קאָפּ. ס'האָט זיך שטענדיג געװאָלט ברעכען. פאַרנאַכט, אַז איך פלעג זיך אומ-קערען אַ דערשלאָגענער אַהײם, האָט זיך מיר געדוכט, אַז די גאַנצע װעלט האָט אַ ריח פון פעל. אפילו דאָס ברויט, װאָס איך עס, די טײ, װאָס איך טרינק, דאָס װאָס איך לעז און אויף װאָס איך שלאָף... כ'האָב זיך, דאַכט מיר, אַזוי פיעל געװײפט פאַר'ן עסען און פאַר'ן שלאָף, און גאָרנישט! ס'האָט זיך מיר אַלץ געדוכט, אַז די גאַנצע װעלט איז אויף מיר אָנגעשטויסען און עפּוש'ט אײנמאָל פאַר אַלעמאָל — מיך אין דער סובאָטע אַרײַנבריינגען. נײַן, איך װעל זיך ניט לאָזען מען זאָל מיך אַזוי פײַניגען: אײנמאָל האָט מיר מײַן בעל הבית געגעבען אַ קאַמטשאַטקען-קאָלנער, אָנשמירען איהם מיט קװאַשעס און אָנציהען מיט טשװעקלעך אויף אַ ברעט. װי נאָר איך האָב גענומען די קװאַשעס אין האַנד, האָט מיר דער שלעכטער, פערזויערטער ריח אַ זעץ געטהון אין קאָפּ אַרײַן, אַז איך בין שיער ניט אַנידערגעפאַלען. ס'האָט זיך מיר גענומען דוכטען, אַז ס'איז ניטאָ אײן מענש אויף דער װעלט, װאָס זאָל דאַרפען האָבען אַזאַ פערעפּוש'טע פעל. מײַן בעל-הבית דאַרף עס אויך אויף כפּרות. זײַן גאַנצע כונה איז מעהר ניט — מיר אָנטהון יסורים. ער אַלײַן אַרבײַט דערבײַ, כדי מיך צו פערפיהרען... נאָר כדי צו פײַניגען מיך האָט מען דאָס אויסגעקלערט אַזאַ מלאָכה'לע און מען האָט דאָס איבערגעגעבען מיר. דוקא מיר... נאַ, װערג זיך!... אַהאַ, הײסט דאָס װײַטער אַמאָליגע שדים! — אַ טריעבע חיואַליע פון בעס האָט מיך אַ שטיק-געטהון, אַזש טרעהרען האָבען זיך מיר געשטעלט אין די אויגען. דאַן האָב איך געחאַפּט די קװאַשעס, אויסגעגאָסען דאָס אויף די װײַסע גלאַנציגע האָר, אויף דער אַנדער זײַט פעלכעל, צוקלאַפּט און צעלעכערט די גאַנצע פעל; מיט אַזאַ פערגניגען האָב איך עס צעלעכערט! און... אַנטלאָפען גע-װאָרען.

סוף-כל-סוף האָט עס דערעסען מײַנע אפטרופּסים האָבען צוטהון מיט'ן שלימזל... מיט מיר הײסט דאָס. האָבען זײ מיר אַװעקגעגעבען דאָס ביסעל געלד, װאָס איז מיר נאָך איבערגעבלי-

בען פֿון טאַטענס ירושה, און צו זעכצעהן יאָהר האָב איך פֿערלאָזען די שטאָדט, וואו איך בין געבאָרען געוואָרען, און אַזוי ניט געלונגען אויפֿגעהאָרעוועט געוואָרען.

פֿון שטאָדט צו שטאָדט און פֿון שטעדטעל צו שטעדטעל. אין אַ קורצע צײַט אַרום איז בײַ מיר צעשוואומען מײַן ביסעל געלד. און איך האָב אָנגעהויבען הונגערן און לערנען זיך פֿאַר איין מאָל. לערנען האָב איך געלערנט נאָך אַ פּראָגראַמע און הונגערן האָב איך געהונגערט אָהן אַ שום פּראָגראַמע. אָהן אַנ'אָנהויב, אָהן אַ סוף. איך האָב אָנגעהויבען שפּירען, אַז די לונגען זענען מיר ניט מיט אַלעמען. כ'האָב זיך איבערצײַגט, אַז מײַן „הוצאה" איז גרעסער פֿאַר מײַן „הכנסה". מײַנע קרעפֿטען, וואָס איך גיב אויס, האָבען מעהר די הוצאה ווי דאָס „גײַסטיגע שפּײַז", ווי דאָס לערנען, וואָס איך קלאַפּ אַרײַן אין מײַן מידען מוח. האָב איך פֿערוואָרפֿען לערנען. אויס לערנען! ווי זאָגסטו? — צום טײַוועל!

איך ווייס די האַלב־פֿערפֿוילטע בחורים'לעך, די עקסטערניקלעך. איך קען זיי גוט. פֿון דער ישיבה געהען זיי אַרויס און פֿון פֿינסטערע ווינקעלעך בײַ זייערע קליינשטעדטעלדיגע עלטערען. אַ „ציעל" זוכען זיי, ווי „שטרעבען", פֿערשטעהסטו מיך, צו אַ „ציעל". פֿאָהרען זיי אַוועק אין די גרויסע שטעדט, הונגערן און וואַלגערען זיך אין קעלערס און שנאָרען און גיבען קאָפּקענע לעקציעס און אַליין לערנען זיי זיך בײַ אָרימע, מידע סטודענטען — אומזיסט; דערשטיקען דאָרט זייער ביסעל יוגענד אין פֿערשטויבטע ביכער, וועלכע קיינער דאַרף ניט האָבען. און אַז זיי דערגרייכען שוין דעם „ציעל" זייערען, זענען זיי שוין קראַנק און חושך און צובראָכען אויף אייביג. סוכאָטניקעס, קורצזיכטיגע, אויסגעדאַרטע מיט שפּיציגע נערגעלעך. לײַדען קען איך זיי ניט אָט די קראַנקע אונטאַלענטירטע געלערנטע מיט זייערע ריינינקע דיפּלאָמען, מיט זייערע אײַנגעפֿאַלענע ברוסטען, אָהן לײַב, אָהן לעבען. לײַדען קען איך ניט אָט די קרבנות פֿון דער בילדונג. דאָס זענען ישיבה־בחורים אין אַ נײַער אויפֿלאַגע. כריסים מיט שוואַכינקע גוף'עלעך, מיט דאַרע נעזער, מיט בלאָהע שפּאַקולען, מיט אײַנגעגראָבענע אויגעלעך, וועלכע קוקען אין קבר אַרײַן ... זיי האַלטען יעצט דאָס לעבען מיט זייערע קראַנקע הענד, זיי פֿערשמוצען די וועלט, זיי

פּערפּעסטעטען די לופט מיט זייער אָטהעם... סקעלעטען — דאָקטוירימלעך, סקעלעטען — פילאָזאָפעלעך, סקעלעטען מיט מאַטעמאַטיק, סקעלעטען — אַדוואָקאַטלעך ... איך שטעל מיר זיי שטענדיג פאָר, אַז דאָס זענען גרויסע פעסער מיט שיטערע געהירען, וועלכע שלעפען זיך אום איבער דער וועלט אויף הויכע, דינע פליגענע פיסלעך... געהען אום און שאָקלען זיך. אָט, אָט פאַלען זיי אַנידער און קעהרען זיך אויס... און מיינען זיי, אַז דאָס גאַנצע לעבען מיט איהר גאַנצע לופטיגע לוסטיגקייט, מיט איהרע דורכגעהענדע פאַרבען זענען בעשאַפען נאָר צוליעב זיי.. גלויב מיר, מירקין, איך וואָלט געקענט דערגרייכען אַזאַ „ציעל“ ווי איינער פון די דאָזיגע אומגליקליכע, אפשר נאָך העכער ... אָבער איך האָב זיי פיינד מיט זייער י ע צ ט י ג ע שמאָלקייט, קליינקעפּעלדיגקייט און שנאָרעריי, מיט זייער עסען ברויט מיט זאַלץ און וואַלגערען זיך אין קעלערס און מיט זייערע צ ו ק י נ פ ט י ג ע קאַריערען. זאָל בעסער אָנשטאָט מיר לערנען דער, ווער עס האָט די מעגליכקייט בלייבען ביי זיין יוגענד, ביי זיין קראַפט, ביי זיין אייגענער נשמה אפילו דאַן, ווען ער וועט שוין זיינס דערגרייכען. מען לעיענט צוליעב דאָס לעבען, אָבער מען לעבט ניט צוליעב דאָס לערנען. יאָ... נאָר — הערסט דאָך...

דאָס וואָרט איז מיר געבליבען שטעקען אין האַלז. איך האָב מיך פלוצלונג דערמאָנט דאָס, וואָס איך האָב בעשלאָסען... אויב אַזוי, היינט וואָס רעד איך מיט איהם, מיט דעם פערד? וואָס געהט מיך אָן דאָס לערנען מיט עקסטערניקעס? וואָס וויל איך פון איהם? וואָס פילאָזאָפיר איך? דאָס איז דען דער עיקר? דאָס האָט מיך דען געצוואונגען קויפען די זאַך, וואָס גלאַנצט ביי מיר שטילערהייד אין קעשענע? — אַ סוף זאָל עס נעהמען...

מירקין איז געשטאַנען אַנטקעגען מיר, דער מויל איז איהם געווען אַביסעל אָפען. ער האָט זיך געוואונדערט, וואָס איך בין אין מיטען דערינען אַנטשוויגען געוואָרען.

— הער נאָר — האָב איך זיך צו איהם פלוצלונג געווענדעט מיט אַ שוואַכען קול, במעט מיט געבעט — געה פון מיר אַוועק!

— וואָ—אָס ? — האָט יענער ניט געגלויבט .

— מאַרש פֿון דאַנען ! — האָב איך העכער אַ זאָג געטהון און בכיון אויפֿגערעגט זיך — איך קען דיך ניט אָנקוקען . ס'איז מיר נמאָס צו קוקען אויף דיר .

— ביזט פֿון זינען אדר ... — האָט זיך מירקין צעטומעלט . נאָר איך האָב איהם ניט געלאָזען ענדיגען .

— אַרויס ! — האָב איך גראָב אַ ברום געטהון און בלייך געוואָרען אויף אַנ'אֶמת — האָסט געהערט צי ניט ?

— אָ—אָ—אַ—זו—י ? אויב אַזוי ... אַנ'אמת ... חאַפּט דיך דער טײַוועל ... ביזט אַ פּענטאַק און ... און חאַפּט דיך דער טײַוועל ! איך שפּײַ ...

— וואָן !

ער האָט זיך דערשראָקען , אַ קוק געטהון אויף מיר ווי אַ חיה און אַרויסגעלאָפֿען .

אַז די געשווינדע , צעשראָקענע טריט זענען אײַנגעשטילט געוואָרען אויף די טרעפּ , האָב איך זיך פֿערוואונדערט אַרומגע־קוקט . מײַן שכרות איז אוועק ווי אַ רויך . ס'איז געווען צוועלף אַ זײַגער אין דער נאַכט .

... האָב איך טאַקע אָט ערשט אַרויסגעטריבען דעם יאָלד ? ס'ווײַזט אויס , אַז ס'איז אַזוי . פּשוט , אַז פֿריהער האָב איך מיט איהם גערעדט , דערצעהלט אַביסעל אֶמת , אַביסעל ליגען ... דער־נאָך האָב איך איהם אַרויסגעטריבען .

— פֿאַרוואָס ?

— פֿאַר אַ נאַז . אַ פֿראַגע ! דאָ , אײַער עקסעלענץ , איז פּ'ראַן פּסיחאָלאָגיע . פּסיחאָלאָגיע און פּסיחאָלאָגיע , און מעהר גאָרנישט ...

אַ פּערלאָרענער , אַנ'אָבגעריסענער פֿון דער וועלט בין איך אַ ווײַלע געשטאַנען אין מיטען צימער . דער קאָפּ האָט זיך מיר אַראָבגעלאָזען . דערנאָך — אַ הויב די האַנד און אַ קלאַפּ זיך אַלײן מיט אַ האַרטען פֿויסט אין שלײַף אַרײַן .

— שלימזל , וואָס האָסטו געטהון ?

דערבײַ האָט זיך בײַ מיר אַראָבגעגליטשט די האַנד אין טאַש אַרײַן און האָט אָנגעטאַפּט מײַן רעוואָלווער... כ'קען שווערען, אַז איך האָב דאָס גאָרניט געוואָלט טהון. דער רעוואָלווער איז געווען אַזוי וואַרים! אַ קאַלט, דומפּיג געלעכטערעל האָט זיך מיר אַרויס־געריסען פֿון האַלז און געשוועבט אין לעדיגען צימער, אין דער שטילקײַט, אין מיטען דער האַלבער נאַכט.

מיט אַ מיסטישען שרעק האָב איך זיך אַ קעהר געטהון זעהן אויך לאַכט דאָס אַזוי. אַזוי משונה'דיג איז געווען מײַן געלעכטער. —



# קאַפּיטעל זעקס.

22 טעג אין תשרי. בייטאָג.

האָב איך זיך דאָס אביסעל אָנגעווייפֿען מיט ביער און פֿער־נאנדערגערעדט זיך, און צעפֿלידערט זיך... פֿאר וועמען האָב איך גערעדט? פֿאר מירקינען. — צוליעב וואָס האָב איך גערעדט? — סתם אין דער וועלט אריין. עס עקעלט. עס עקעלט.

איך טרייסט מיך, לכל הפחות, מיט דעם, וואָס עס האָט זיך ביי מיר גאָרנישט ניט ארויסגעכאפּט, צוזאמען מיט די ניין מאָס רייד, מכח עפּעס א רעוואָלווער אין א קעשענע, מכח קוילען אין א שאבטעלע... פתח שין איז שאַ! קיינער טאָר ניט וויסען פֿון אזוינע זאכען; קיין איין־איינציגער מענש.

איך קען ניט דערמאָנען אָהן בושה דעם איער־נעכטיגען אָווענד! מיר דאכט, אז איך האָב עפּעס דאן געפֿיהלט א בעדער־פֿעניש אין מענשישער רחמנות, אין מענשישע נעבעכקייט. — ווען איך האָב גע'דרשנ'ט פֿאר מירקינען, שוין צום סוף, האָב איך בעמערקט, אז ער קלויבט זיך רחמנות־האָבען אויף מיר, שיער, שיער האָט ביי איהם געפּלאצט אזא רחמנות־בזיעל און פֿערשפּריצט מיך מיט פֿערפֿילטע ווערטער... ווען איך וואָלט נאָך אביסעל גערעדט, וואָלט ער זיך אודאי און אידאי א הויב געטהון, וואָלט ארויפֿלעגען זיין ווארימע האנד ביי מיר אויף מיין אקסעל און גענומען זיך צו מיר טרייסטען מיך, בערוהיגען, שוואכינקע, איבערגעניצעוועטע, מירקינישע טרייסטלעך וואָלטען צו מיר געקראָכען פֿון זיינע קארשען־רויטע, זאטע ליפּען. אזוי ווארפֿט מען אנ'אָבגעריבענעם גראָשען אנ'אָרימאן, פֿון אנ'אָנגעשטאָפּטען בייטעל; אזוי דערלאנגט דער בעקער א שטיקעל פֿערשימעלט ברויט א הונגעריגען... אָבער איך האָב ניט דערלאָזען צו אזא נעבעכקייט. ארויס פֿון מיין צימער! איינמאָל פֿאר אלעמאָל: ארויס! — און מיין מירקין איז ניטאָ.

אצינד פֿיהל איך שוין ניט מעהר יענעם טריעבען פֿערדראָס

אויף זיך אַליין, ווי אין יענעם אָווענד, באַלד נאָך דעם, ווי איך האָב מירקינען אַרויסגעטריבען. איך האָב נאָר בעשיצט דאָס, וואָס איז מיר טייער; מיין טוירט־געדאַנק האָב איך פֿערהיט. איך האָב מירקינען אַרויסגעטריבען, ווייל ער איז געפֿעהרליך... ער איז מיר יעצט געפֿעהרליך מיט זיין ביער, מיט זיינע טענץ, מיט זיינע חאַליאַסטרעס לעבּ־יונגען און פֿרעהליכע מיידלעך, וועלכע ער שטעלט פֿאַר אויף יעדער שריט און טריט פֿאַר זיינע בעקאַנטע. הענניע איז דאָך אויך פֿון זיינע... פֿון די אַמאָליגע... ער איז געפֿעהרליך. איך האָב נאָר דערוויטערט פֿון זיך אַ סכנה. מיר אַליין איז נאָר יעצט איבערגעבליבען אַ געפֿיהל פֿון אַ מענשען, וואָס האָט זיך אונטערגע'גנב'עט צום צווייטען און אָבגעטהון איהם פּונקט דאָס זעלבע שלעכטס, וואָס יענער האָט געוואָלט אָבטהון איהם. —

נאָר אָט וואָס: נאָך איין בעקאַנטע איז ביי מיר דאָ; די געפֿעהרליכסטע פֿון אלע בעקאַנטע... דאָס איז העניע. אָט די קליינע, אָה, — קיינער ווייס נאָך ניט ווי געפֿעהרליך זי איז! מען דאַרף פֿון איהר פּטור ווערען ווי פֿון מירקינען. וואָלט זי צו מיר יעצט אַריינקומען, וואָלט איך איהר געהייסען געהן. כ'וואָלט זי ווי ניט איז בעליידיגט און — געהייסען געהן! אָבער זי וועט דאָך ניט קומען. אַ שוואַרצע קאַץ איז צווישען אונז אַדורכגעגאַנגען. שוין באַלד אַ חודש צייט, אַז איך האָב זי ניט געזעהן. צייט זי האָט חתונה געהאַט בין איך ביי איהר ניט געוועזן. זי מיינט, אַז איך מוז זיין גוט אין כעס פֿאַר עפּעס אַ זאַך... מען דאַרף צו איהר אַ געה־טהון און מאַכען עפּעס אַזוינס, אַז זי זאָל מיך מוזען אַרויס־טרייבען.

נאָך היינטיגען אָווענד מוז איך מאַכען אַ סוף מיט העניע'ן. און פֿון דאַן אָן בין איך פֿריי. פֿריי מיט מיין רצון, פֿריי מיט'ן רעוואָלווער. אַ פֿרייער וועל איך געהן אין שאַנד־הויז. —

אָבער ווי אַזוי וועל איך מיט איהר מאַכען אַ סוף? וואָס וועל איך איהר זאָגען? די הענד ציטערן אַביסעל.

— ס'איז אַ שווערע אָפּעראַציע, אָבער איך וועל פֿאָרט געהן! —

דערוועלבער טאָג, ביינאַכט.

— דין, דין, דין... דער שטאָדט-זייגער האָט געשלאָגען „זעקס“ פאַרנאַכט. ס'איז שױן געװעזען גוט פינסטערלעך. מיט פערמאַכטע, מידע אױגען האָב איך לאַנגזאַם געצעהלט די קלעפּ. באַלד האָב איך מיך דערמאָנט: העניע...

איך בין געװעזען רוהיג; פונקט װי איך װאָלט זיך געקליבען געהן צו איהר פערברײנגען אין אַ שטילען שמועסען, ביי אַ גלאָז טײ מיט לימאָן. ס'איז אַזױ גוט צו זעהן איהר בלײך פּנים'על, װי עס שײנט אין דער לײכטער פאַרע פון סאַמאָװאַר, ס'װערט אַזױ טרױעריג-קיהל...

רוהיג בין איך געװעזען. און אַז איך האָב אָנגעטהון מײן פּאַלטאָ, האָב איך צו איהם גערעדט, אַזױ װי מען רעדט צו אַ גוטען ברודער; כ'האָב איהם צוגעפּאַטשט װי אַ מבין — אַנ'אױסגעפּאַשעט פערדעל אױף'ן האַלז:

— נו, מאָרגען-איבערמאָרגען װעלען מיר דיך פערקױפען, ר' פּאַלטאָ! אײגענטליך ביזטו נאָך גאַנץ נײ... װאָס? פונדעסטװעגען װעלען מיר דיך פערקױפען, אַ האַנדליאַרזש װעלען מיר דיך פערקױפען... און דערנאָך, ר' פּאַלטאָ...

די טראָטואַרען זענען געװעזען פול מיט שװאַרצע, אונרוהיגע מענשען; דער הימעל — פול מיט קלאָרע, אונבעװעגליכע שטערען. שטיל און קלוג האָבען נאָר געציטערט זײערע גאָלדענע ברעמען. איך בין זיך געגאַנגען צו העניען פּאַמעליך, טראָט ביי טראָט; די הענד אין די פּאַלטאָ-קעשענעס; אַזױ רוהיג, רוהיג. אַ ראיה האָב איך — װײל עס האָבען זיך אין מיר בשעת-מעשה אױפגעװעקט און שטיל אַרומגעפלױגען אַזעלכע מחשבות'לעך, װעלכע שװימען שטענדיג אַרױס, בשעת אַ טרױעריגליכע רוהיגקײט. איך האָב מיר געקלערט: סוף-כל-סוף איז געקומען די צײט אָבצוזעגענען זיך מיט זײ, מיט די מענשען און גאַסען און שטערען... אָט די פײערקאַנטיגע שטיקער צעמענט, אױף װעלכע איך טרעט אַצינד, װעלען בלײבען שטיקער צעמענט נאָך מײן טױדט אױך. און נאָך מיליאָנען מיט װײבערשע און מאַנסבילשע פיס װעלען איבער זײ

טרעטען, ביז זיי וועלען צערייבען ווערען, און מען וועט אָנשטאָט זיי דאַרפֿען אַריינשטעלען נייע שטיקער צעמענט.

ווידער האָב איך מיר געקלערט מיין אַלטישקע מחשבה, וואָס פֿלעגט מיר שטענדיג אַרויפֿקומען נאָר בשעת אַן׳אַבסאָלוטע, איננווענינסטע רוהיגקייט און נאָגען מיך: אָט אין דער בלאָהער אונענדליכקייט זענען צעוואָרפֿען און הענגען אויף גאָרנישט — מיליאַרדען מיט וועלטען, זונען און פּלאַנעטען, וואָס דעם מענשענס מחשבה איז אפילו ניט אימשטאַנד בערעכענען זייער צאָהל, משיג זיין זייער גרויס. און צווישען די אַלע וועלטען דרעהט זיך עפּעס אַרום אַ קליין, חושך׳דיג קייקעל — מען רופֿט דאָס: „ערד“. מילא, זאָל זיין ערד. זאָל זיך עס אויך דרעהען. זאָל בילען דאָס הינטעל צווישען אַ סטאַדע העלפֿאַנטען... אָבער אויף דער דאָזיגער ערד איז עפּעס דאָ אַן׳אינזעל, וואָס שטעקט אַרויס די נאָז פֿון ים אַרויס. אויף דעם אינזעל איז דאָ אַ מדינה, אין דער מדינה — אַ שטאָדט. חאַפּ נישט... און אין שטאָדט אַ קרומע גאַס מיט אַ פּאַסקעלע טראָטואַר... ניט געאַיילט... און אויף דעם טראָטואַר געהט עפּעס אַ בעשעפֿעניש אויף צוויי פֿיס. אַז מען הויבט איין פֿוס און מען שטעלט אַראָב די צווייטע, הייסט דאָס: געגאַנגען... רופֿען רופֿט מען דאָס בעשעפֿעניש שלמה, אָדער שלמה׳קע. אַ גרויסע נפקא־מינה... און דאָס ליידט עפּעס און טראַכט... און דאָס שלעפּט זיך אַרום מיט אַ ביקסעל אין קעשענע און זויפֿט ביער און קלאָגט זיך פֿאַר אַ צווייטע בריאָה מיט אַ פּאָר אויגען, וואָס הייסט מירקין; און בכלל איז עס אַ „מענש“. ס׳איז צו שטאַרבען פֿון געלעכטער...

— צו הּעניען!

---

זייענדיג צווישען מענער, פֿלעגען מיינע מחשבות שטענדיג געפֿינען זייער ריכטיגעס, געפּרייגטעס געשטאַלט; מיינע געפֿיהלען — זייער אמת׳ען אויסדרוק, און פֿלעגען זיך אָפּטמאָל אַרויסרייסען מיט זייער גאַנצע גיפֿט.

אָבער קיינמאָל האָב איך זיך אַזוי ניט געפֿיהלט צווישען פֿרויען. ביי איטליכעס אָנריהרען זיך אָן אָט די ווייכע, שעניגקע בעשעפֿענישען, פֿלעגט זיך אין מיר עפּעס פֿערצאַפּלען, עפּעס פֿלעגט זיך אָבּרייסען. די איינפּאַכסטע מחשבות און ווערטער פֿלע־

געָן צושיואומעָן ויעָרעָן, פֿערליִרעָן זײַער נאַטיִרליִכקײַט. מײַנע בעָוועָגונגעָן, מײַן רעָדעָן, מײַן אויסזעָהן האָבעָן דעָרמאָנט אָן אַ שפּין, וועלכעָר איז אַרײַנגעפֿאַלעָן אין סמעָטעָנע. און איך הויב ניט אָן צו וויִסעָן פֿאַרוואָס איז דאָס מיִט מיִר אַזוי געָוועָן. אֶפּשר ווײַל איך בין געָוועָן צו לײַדעָנשאַפֿטליך און צו שוואַך; אֶפּשר ווײַל איך בין נאָך זעהר יונג און בין נאָך קײַנמאָל ניט געָשטאַנעָן אין נאָהעָנטע בעָציִהונגעָן מיִט פֿרויעָן, אֶפּשר ווײַל איך האָב ניט געָקענט — ניט זײַ, ניט זײַערע געָשמאַקעָן און האָב קײַנמאָל ניט געָקענט בעָקומעָן „ליִטעָליִגקײַט“ אין זײַערע אויגעָן... ווי די מעשה איז, איך האָב מיך אָבעָר אַזוי שלעָכט געָפֿיהלט צוויִשעָן זײַ, אַזוי געָליִטעָן, ביז ס'האָט זיך אין מיִר אויפֿגעָחאַפּט דעָר אַלטעָר חשד. ווי נאָר איך פֿלעָג אַרײַנקומעָן אין אַ פֿרויעָן-געָזעָלשאַפֿט, פֿלעָג איך קודם-כּל נעָהמעָן חושד זײַן, אַז ווי נאָר איך וועל אַרויסגעָהן, וועט מעָן פֿון מיִר נעָהמעָן אָבלאַכעָן. מכּח מײַן נאָז מיִכ'ן בלאָטערעָל וועט מעָן אָנהייבעָן און — אַז מיִר פֿעָהלט „אַ קײאָפּקע“ אין מוח — מיִט דעָם וועט מעָן עָנדיִגעָן. איך האָב געָנומעָן חושד זײַן, אַז די גאַנצע צעָרטליִכקײַט און שענקײַט פֿון די ראָזיִגע בעָשעָפּעָניִשעָן איז געָמאַכט געָוואָרעָן נאָר כּדי צו פּײַניִגעָן און רייצעָן מיך מיאוס'עָן, אומעָטיִגעָן. און אין אמת'עָן איז קײַן האָפֿנונג ניטאָ צו-צוקומעָן צו זײַ ווען ניט איז. דאָס זעָנעָן דורכאויס שרים, שרים און שרים... נאָר איך אַלײַן בין בלוט און פֿלײש... זײַ מאַכעָן זיך נאָר ווי זײַ ליִעבעָן, ווי זײַ נעָהמעָן זיך אַרום בײַנאַכט אין פֿיִנסטעָרע אַלעָען... זײַ שרײַבעָן אפילו גאַנצע ביִכעָר. גאַנצע פּעָק מיִט ליִדעָר. ווי פֿרויעָן קושעָן, ווי פֿרויעָן נעָהמעָן אַרום; זײַ מאָלעָן נאַקעָטע פֿרויעָן-בריִבט, קײַלעָכדיִגע און עָלאַסטיִשע... אַלץ, כּדי איך זאָל גאָרניִשט ניִט פֿעָרשטעָהן, כּדי איך זאָל זעָהן בעָשײַנפּערליך, וואָס מעָן קען נעָהמעָן אויף דעָר וועָלט, ווען מעָן האָט שלאַנקע פֿיס און פֿײַערדיִגע האָר און אויגעָן און אַ פֿרעָהליִכע נאַריִשע מיִנע אויף די רויטע ליִפּעָן... אַלץ אַזוינע זאַכעָן. וואָס איך האָב ניִט... אַלץ, כּדי מיך צו פּײַניִגעָן... אָבעָר איך ווײס!... אַהאַ, פֿאַרוואָס, למשל, לאַכעָן זיך אַזוי די ווײַבערשע אונטערקלײדעָר בשעת זײַ געָהעָן?... אפשר ניִין? נאָר בײַ שענע פֿרויעָן לאַכעָן די קלײדלעָך. בײַ מאוס'עָ — רוישעָן זײַ נאָר... און איך

פֿערשטעה! ... אַלע הערען עס אויך און מאַכען זיך ניט וויסען ...
ס'איז שוין אַנ'אָבגערעדטע זאַך ...

דאַן זענען געקומען טעג, ווען איך האָב אָנגעהויבען מורא צו האָבען פֿאַר אַלע ווייבער. אפילו פֿאַר מאוס'ע. איך האָב מורא געהאַט פֿאַר זייער קוקען, פֿאַר זייער לאַכען, פֿאַר זייער ווענד'ען זיך צו מיר. איך פֿלעג מיך בעמיהען אויסמיידען זיי אינגאַנצען: ניט געהן צו זיי, ניט פֿערבעטען זיי צו מיר, ניט האָבען מיט זיי קיין מגע ומשא. — ווער וויים וויפֿיעל עס וואָלט ביי מיר גע־דויערט אַזאַ צושטאַנד, — און צו וועלכען פּינטעל דאָס וואָלט דערגאַנגען — אויב ניט ה ע נ י ע. פֿאַר איהר האָב איך קיין מורא ניט געהאַט. פֿון איהר האָב איך געלערנט, ווי צו בעציהען זיך צו אַלע איבעריגע פֿרויען.

אַ ליכטיג פּנים'על מיט זיסע גריבעלעך אין די לאַנגליכע באַקען און אין דער געמבעלע; גוטע שוואַרצע אויגען, מאַמע־אוי־גען; קליינע הענד, וואַרעמע, נערוועזע. ווי נאָר איך פֿלעג זיי אַ דריק טהון, פֿלעגט זיך מיר באַלד איבערגעבען, אַז אָט די בלייכליכע הענדטלעך, האָבען אין זיך עטוואָס אַזוינס, וואָס איך האָב דאָס אויך, און — פֿערבאָרגען דאָס אַזוי ווי איך... ניט־ענט־וויקעלטע ברוסטען, ניט נאָך איהרע יאָהרען נאָך. וואָס האָבען שוין באַלד געהאַלטען ביי צוואַנציג, מיט אַ בעהאַלטענעם, אונרו־היגען פֿייער — דאָס אַלץ איז געווען איינגעצויגען אין אַ שוואַרצע, שטרענגע קלייד און האָט געהייסען: מאַדמואַזעל העניע. אַז איך איך האָב זיך מיט איהר בעקאַנט, האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט: אַ קליין הערבסט־וואָלקענדעל ביינאַכט און אַ בלאַסע, רונדע לבנה שיינט פֿון איהם אַרויס.

העניעס שטימונג פֿלעגט זיך ביימען עטליכע מאָל אין טאָג. דאָס איז געווען אַ נשמה — אַ פֿריהלינג, וואָס האָט צו טהון מיט אַנ'אָסיען: דאָ וואַקסט, דאָ וועלקט; דאָ בלישצעט די זון, דאָ רע־גענט. אין איין טאָג איז זי געווען פֿעהיג משוגע מאַכען זיך און וויינען; רעדען אַ סך און זיצען אומעטיג און שווייגען. זי האָט געקענט אוועקזיצען צוויי שעה נאָכאַנאַנד אַ פֿערשטיינערטע: ניט אַ הויב אַ האַנד, ניט אַ שאָקעל אַ פּוס. דאָס געזיכט בלייך, די אויגען פֿערשלאָסען; פונקט ווי זי וואָלט געווען אָנגעשטרענגט מיט לייב און לעבען, צו בעשיידען עפּעס אַ שווערע, מיסטישע רעטע־

ניש, וואָס נאָר זי אַליין ווייס פֿון איהר. און פלוצלונג, פּונקט ווי זי האָט דערגאַנגען וואָס זי דאַרף, שפּרינגט זי אויף פֿון אָרט; דאָס פּנים'על — ראָזיג, די אויגען בלישצען און פֿילט אָן די גאַנ־צע שטוב מיט געפּילדער און מיט שענע קאַפּריזען; וואַרפֿט זיך אַיפֿ'ן האַלז און קושט אַלע חבר'טעס, וועלכע קומען צו איהר אריין.

די ערשטע צייט נאָכ'ן בעקאָנען זיך מיט איהר — האָט זי אפילו ניט געקוקט אין מיין זייט, ניט געזעהען, אַז איך עקזיס־טיר. נאָר פֿיהלען האָב איך שטילערהייד געפֿיהלט, אַז זי אינטע־רעסירט זיך מיט מיר אַביסעל. — דערנאָך האָט זי זיך מיט מיר פלוצלונג גענומען בעגעהן אָפֿען און פראָסט ווי מיט אַנ'אַלטען בע־קאַנטען; פֿלעגט מיך אפילו שלעפען פֿאַר די האָר ווען זי האָט זיך משוגע געמאַכט. מיר דאַכט, אַז איך האָב זי אַביסעל ליעב געהאַט, אויף וויפֿיעל אַזאַ בן־אָדם ווי איך איז פֿעהיג צו ליעבען. איהר קול פֿלעגט מיר קיהלען דאָס האַרץ. ווען אַלץ האָט גע־קאָכט אין מיר. און איך האָב זיך געמאַכט ניט וויסען. קיינמאָל ניט בעטאָנט אַ וואָרט, קיינמאָל ניט געקוקט מיט „אַ מיין". נאָר איינמאָל, אין אַ סוף־זומער־נאַכט, ווען איך האָב מיט איהר אַרומ־געשפּאַצירט אין שטאָדט־גאָרטען און די לופֿט איז געוואָרען שטאַרק און פֿייכט, האָב איך בעמערקט, אַז איהר לייבט וושאַקעטעל איז אָפֿען ביי איהר שמאָלינקער ברוסט.

— איהר וועט זיך פֿערקיהלען — האָב איך געזאָגט — דאָס וושאַקעטעל איז ביי אייך אָפֿען.

— נו, פֿערקנעפּעלט — האָט זי מיר פראָסט אָבגעענט־פֿערט — איך פֿויל זיך די הענד אַרויסצונעהמען. מיינע הענד זע־נען אַזוינע וואַ—אַרעמינקע...

איך האָב איהר פֿערקנעפּעלט דאָס וושאַקעטעל און שטיל אַ ציטער געטהון. דאַכט זיך אַזאַ קליינע ברוסט און אַזוי עלאַסטיש. וואַרים ווי פֿוך אין האַרט ווי גומען. — הענדע האָט נאָר אַ זאָג געטהון „אַ דאַנק" און מעהר גאָרניסט.

און נאָך איינמאָל, אַז איך האָב זי געטראָפֿען אין זעהר אַ גוטע שטימונג, האָט זי מיך אַ שלעפּ געטהון פֿאַר די האָר און דערלאַנגט איהר אַלבאָם, געבעטען איך זאָל איהר עפּעס אַריינ־שרייבען. אַזאַ נאַאיוויער אַלבאָם איז דאָס געוועזען, אַ בלאָהער מיט

צוויי רויטע שוועלבעלעך אויפ'ן טאָוועל. ווער האָט דאָס געזעהן אויף זיין לעבען — רויטע שוואַלבען? איך האָב אַ קלער געטהון און פאַמעליך אויפגעשריבען:

קום איך צוגעהן: דערזעה איך גאָטס געזיכט, —
מיין גאָט איז שטענדיג בלייך און שווייגט.
געה איך אַרויס: בעגעגענט מיך דער טייוועל, —
מיין טייוועל שמייכעלט אַזוי קאַלט...
איך וואָלט זיך מודה זיין: „איך ליעב דיך“
נאָר דאָס איז אָבגעלעבט און אַלט.

זי האָט ביי מיר אַ חאַפּ געטהון דעם אַלבאָם, איבערגעלאָפען די עטליכע קורצע שורה'לעך מיט די אויגען. די אונטערשטע ליפּ האָט ביי איהר אַ ציטער געטהון. איך האָב בעמערקט, פוני־דעסטוועגען האָט זי מיר אַ פּאַטש געטהון איבער'ן פּלייצע און האָט זיך הויך אויפ'ן קול צעלאַכט. איהר געלעכטער איז מיר עפּעס ניט געפעלען געוואָרען. עפּעס האָט אין איהם געטאַנצט, עפּעס האָט אין איהם געוויינט.

און אין עטליכע טעג אַרום האָב איך דערהערט, אַז זי האָט חתונה געהאַט מיט עמיצען, אָהן דעם וויסען פון איהרע עלטערן „די בורזשויען“; אַז דער מאַן איהרער איז עפּעס אַ בחור'עץ מיט לאַנגע האָר, אַ בוכהאַלטער און קאַסיר פאַר איין מאָל. אַגב איז ער אַ גאַנצער מאַכער אין אַ פּאַרטיי. אַרבייט שטאַרק פאַר טובת־הכלל. אַז איהר ווילט, שטעלט ער זיך אַנידער און האַלט אַ רעדע אויך. דאַן האָב איך פערשטאַנען העניעס געלעכטער; און פון דאַן אָן בין איך ביי איהר מעהר אין שטוב ניט געווען, חאָטש איהר נייעם אַדרעס האָב איך געוואוסט. שוין באַלד אַ חודש צייט, אַז איך האָב זי ניט געזעהן.

איצטער, אַז איך האָב אַוועקגעוואָרפען אַלע לעקציעס און אַרויסגעטריבען מירקינען, שטעהט מיר נאָר אַ „העניע“ אויפ'ן וועג. האָט דאַכט זיך חתונה געהאַט און שטעהט אויפ'ן וועג. זי וועט אָבער ניט אויספיהרען. איך וועל זי אויך אַוועקשטופען און אַ הין וועל איך פאָרט געהן.

אָבער פאַרוואָס האָב איך זי דעם גאַנצען חודש געזעהן ווי דורכ'ן נעבעל און אַצינד בענקט זיך אַזוי נאָך איהר? עפּעס איז

איף עמיצען א רחמנות... איף ווערמען? אפשר איף מיר? ווערמען דארף איך יעצט האבען און ווער דארף מיך האבען?

אז איך בין צוגעגאנגען צו איהר וואהנונג, האבען מיך בע־גענענט אבגעריסענע טענער פון א פיאנע. שיאבינקע, דומפינע טענער. איך האב פערשטאנען, אז זי זיצט יעצט איינע אליין און שפיעלט, ווייל איהר איז לאנגווייליג. דאס האט מיר הנאה געטהון.

---

דאס יונג פאר'ל וואהנט אויף דעם צווייטען שטאק.

אז איך האב גענומען ארויפגעהן אויף די האלב־בעלויכטיגע שטיגען, איז מיין זיכערקייט אלין שוואכער און שוואכער געווא־רען. ס'איז מיר געווארען קאלטעמוטיגע: וואס וועל איך איהר זא־גען? ווי וועל איך פון איהר לויז ווערען?... אויף שטענדיג? — און אז איך האב אנגעקלאפט אין טהיר, האט מיר דאס הארץ אזוי געקלאפט, פונקט ווי איך וואלט ארויף ניט אויף א צווייטען שטאק, נאר אויף א צעהנטען.

— ווער איז דאס? — העניעס קול. העניעס.

— איך.

— אה... סאלאמאן. אהא!

אז איך בין אריין, איז העניע געזעסען ביי דער פיאנע און געשפיעלט. זי האט א שמייכעל געטהון ניט א קוק־געבענדיג אויף מיר. אז איך בין צו איהר צוגעגאנגען, האט זי מיר דערלאנגט איהר לינקע האנד פון הינטער'ן רוקען, אויף איהר טאליע; דערביי ניט געהערט קיין ווארט, ניט א קוק געטהון און מיט דער רעכטער האנד ניט אויפגעהערט צו טענצלען איבער די שווארצע און ווייסע קלאוויסען; — ציף, ציף, ציף... פונקט ווי זי וואלט געטריבען צושראקענע פייגעלעך פון נעסט. איהר גאנצע אויפפיהרונג האט אויף מיר געמאכט אזא איינדרוק, ווי זי וואלט שוין פון פריהער געוואוסט, אז איך וועל היינט קומען צוגעהן, זי האט אויף מיר געווארט, געוואלט בעגעגענען מיך מיט א עפעקט, מיט'ן שפיע־לען... זי ווייס, אז איך האב דאס ליעב... אדער... אפשר שעמט זי זיך נאר?... שעמט זיך, וואס זי האט מיך ניט גערופען איף

איהר חתונה... האַ—האַ, דאָס איז ניט שלעכט! פונקט אין דער צײַט, מײַן עהרען וואָרט...

און ווידער אַמאָל איהר קול, אַזוי שטיל און קאַרג:

— זיצט, סאַלאָמאָן, און שטערט מיר ניט.

אַז איך האָב מיך נעבען איהר אַנידערגעזעצט, האָט זי מיר פלינק אַראָבגעהאַפּט דעם קאַפּעליוש פון קאָפּ:

— בײַ אונז זיצט מען ניט אין הוט.

און האָט ווײַטער געשפּיעלט.

דאָס צימער, וואו איך בין געזעסען, איז געווען אַ עס-צימער און גאַסט-צימער צוזאַמען. מיט אַ בעזונדער ריח, מיט אַ ריח פון אַ יונגינקע פאַר-פאָלק, מיט אַ ריח פונ'ם „האָניג חודש" אַליין, האָט עס געוועהט פון דער שוואַרצער, סעראַטענער סאָפקע, פון טיש, פון דער טישטוך מיט די בלאָהע פרענזעלעך, פון לאָמפּ מיט'ן ראָזיגען אַבאַזשור, פון די ברוינליכע פאָרהאַנגען מיט די אויסגענעהטע קווײַטלעך. — אַה, אָט די צוויי האַלבע אַראָבגעלאָזענע, פאַר'סיד עטע פאָרהאַנגען! זיי פיהרען אין שלאָף-צימער אַרײַן, זיי שמײַכלען מיט זייערע קנייטשלעך ווי לעבעדיגע ברעמען, זיי האָבען זיך כלומר'שט פערשעמט אַראָבגעלאָזען... אָבער דאָס זענען בעסטיעס! זיי נאָגען בײַם האַרצען, זיי זויגען בלוט, דערפאַר זענען זיי רויטליך...

און די פּיאַנע אַקאָמפּאַנירט העניעס בעליעבט ליעדעל און איהר שוואַכינקער, אָבער טיעפער ברוסט-קול'כעל העלפט אונטער און ציהט שטילערהייד:

... חלומות אונשולדינע, טרוימען פערגעהענדע,

טרוימט מען איין-מאָל.

דאָס ליעדעל איז מיר בעקאַנט. העניע פלעגט דאָס ליעב האָבען זינגען, ווען עס ווערט בין-השמשות'דיג גראָה, ווען עס קומט צופליהען אַ בעהאַלטענער, זיסער שרעק פון יענעם זײַט לעבען. העניע פלעגט פיהלען דעם שרעק אַזוי ווי איך, אַראָבלאָזען דאָס קעפּעל און ציהען פערטראַכט:

עס ציהען זיך וואָלקענס פער'חושך טע. שווערע,
טונקעל און פײַכט איז אַרום.

עס וויינען די ביימער און שאָקלען זיך נאַקעטע;
האָב זיך ניט אויף מיין געליבטער,
מאַך דיינע אויגען ניט אויף!...
יעצט זינגט זי דאָס זעלביגע און שפּיעלט צו:
... חלומות אונשולדיגע, טרוימען פערגעהענדע,
טרוימט מען איין-מאָל!

דער נגון גלעט און נאָגט, קיצעלט און שטעכט, כדי צו דערשטיקען אַזאַ איסגעמישט, נערוועזע געפיהל, זוך איך מיר עפּעס א געדאַנקעל אין וואָס איינצוועסען זיך אַזוי, אַז די אויערען זאָלען גאָרניש ניט הערען. אויף דער וואַנד דערזעה איך אַ נע-דרוקט פּאָסטקאַרטעל: סאַהאַלינער האַלב-אינזעל מיט גרויזאַמע, חמורע פעלזען אַרום... אַהאַ. „סאַחאַלין!" איך האָב מיך אָן אָן וואָרט, ווי אַ מענש וואָס טרינקט זיך. עפּעס אַ קליינינקייט סאַחאַלין! האָט איינער דער׳הרג׳עט אַ מענשען, מאָג זיין פון שרעקליכער שנאָה, מאָג דער דער׳הרג׳עטער זיין דער ערגסטער פּאָדליעץ... אָהאָ, הרג׳ענען אַזאַ מענשען! די וועלט אָבער מוז איהם עפּעס האָבען... זי קען אָהן איהם ניט אויסקומען... יענער וועט שוין האָ-בען אַ וויסטען סוף... אין סאַחאַלין וועט מען איהם פערשיקען, אין סאַ—האַ—לין... אין שמוץ און אין טורמעס וועט זיך יענער וואַלגערען, שכּור׳ע סטאַיקאָוועס וועלען איהם זידלען; אַלע וועלען זיך פון איהם דערווייטערען. אַ קאַטאָרזשניק וועט מען פון איהם מאַכען... אין די זומפען וועט ער מוזען אַרבייטען... אין די וויל-דע סאַחאַלינער „טײַגעס"... ווי אַ פערד... ערגער ווי אַ פערד... די קייטען וועלען קלינגען... אַזוי גאַנצע יאָהרען. און די נעזעל-שאַפט קוקט אויף דעם מיט אַ צנוע׳דיג פּנים, גלעט דאָס בייכעל פון הנאה, פיהלט, אַז זי האָט עפּעס אָבגעטהון אַ פיינע זאַך, אַ מצוה. אליין מאַכט זי מלחמות און הרג׳עט טויזענדער מענשען אין איין טאָג און פאַטשט בראַוואָ... און דאָ משפּט זי פאַר הרג׳ע-נען אַ פּאָדליעץ, און טהוט מצות... ווי אַזוי? איך בין דער פּראָ-טעסט געגען דעם, מיט מיין טויט וועל איך זיין דער פּראָטעסט. פריי בין איך! אויף מיין לעבען בין איך דער בעל-הבית. איך גראָב אונטער און ברעך דורך די גרענצען און טהוט מיר עפּעס! ווער וועט מיך ניט דערלאָזען? ווער קען מיך ניט דערלאָזען?

חאו איז דאָס דער בית־דין, דער „עהרליכער“ בית־דין, די פֿרומע נעזעלשאַפֿט, וואָס זאָלען זיך אָבּרעכענען פֿאַר דעם טוידט, וואָס איך וועל מאַכען מיט זיך אַליין? וועמען וועלען זיי משפּט'ן? אַ?... מען קען שטאַרבען פֿון געלעכטער. מיין עהרען וואָרט... וועמען וועלען זיי אַוועקשיקען קאַטאָרגע? אין סאַחאַלין — — —

גליקליך איז דער, וועלכער שלאָפֿט, וועלכער טרוימט

דאָס גלעטען פֿון פֿריהלינג אום־הערבּסט...

די ציטערדיגע טענער פֿון דער פּיאַנע און העניעס קול־כּעל זענען שטאַרקער, נעהמען מיך אַרום איבער גוואַלט, צוטומלען מיך, גיסען אין מיר אַריין יענעם פּאַטאָקע־געפֿיהל, וואָס נאָר סענטימענטאַלע דרייסיג־יעהריגע מיידען און האַלב־שכּור'ע ווייסען פֿון איהם... רבּונו של עולם, ווי אַזוי וועט עס זיך אָנהויבען? מען מוז דאָך אָנהויבען...

-- איהר... שפּיעלט שען — גיט זיך מיר אומגעלומפּערט אַ ריס אַרוים פֿון מויל און פֿערהאַקט זיך.

העניע הערט ניט, אָדער זי מאַכט זיך ניט הערענדיג. איהר נעזיכט איז קאָנצענטרירט, דאָס געמבעלע פֿערשפּיצט, די גריבעלעך אין די באַקען פֿערשוואונדען. זי שפּיעלט. לויט די וויטקייט פֿון די קלאַוויסען בעוועגען זיך איהרע קלאָרינקע, נער־וועזע הענד. צוזאַמען מיט די הענד בעוועגט זיך איהר גאַנצעס קערפּערעל אונטער דאָס שוואַרץ יאַקעל. די פֿיס ריהרען זיך שטיל אונטער'ן אַלפּאַגאַ שטוב־קליידעל. איהרע אַלע אברים שפּיעלען מיט. אפילו איהר שאָטען אויפֿ'ן וואַנד העלפֿט איהר צו... און איך זיץ, הער זיך צו און קלער, אַז דאַן, ווען איך וועל שוין ליי־גען אַ קאַלטער, אַ שוויינענדיגער מיט אַ בלאָהינקעס לעכעלע אין שלייף, וועט העניע אויך קומען צולויפֿען, וועט זיך איינבויגען איבער מיין טוידטען פּנים, וועט ווישען די אויגען מיט אַ קלאָר באַטיסטען טיכעל... דאָס טיכעל וועט אַודאי שמעקען מיט נעגעלעך־אָדעקאַלאָן, ווי עס שמעקט אַצינד פֿון העניען אַליין. ווער ווייס? אפשר וועט זי זיך נאָך צעיאָמערען. זי איז דאָך אַ גוטע... און דער מאַן איהרער, דער בּוכהאַלטער מיט די לאַנגע האָר, דער „טהוער“ וועט זי שטילערהייד שלעפּען פֿאַר'ן אַרבּעל און וועט זי בערוהיגען מיט אַ צעצויגענעם קול, אַ קול פֿון אַנ'אויטאָריטעט:

— נו, הלופּאַ. פּערעסטאַן, וויעד ניע וויערניאַש...

און ווי אין נעבעל:

ווען איז צו די, וועלכע האַפּען זיך אויף

אין דער טריבער, אונענדליכער נאַכט;

זיי וועלען קיין אויג מעהר פערמאַכען..

און די פּיאַנע ברומט מיט איהרע אָקטאַווען, בעטאָנט און בעשטעטיגט:

חלומות אונשולדיגע, טרוימען פערגעהענדע —

טרוימט מען איין=מאָל!...

— סאַלאָמאָן!

זעה נאָר, העניעס געזיכט בלייבט זיך פונקט אנטקעגען מיין געזיכט, שמייכעלט ניט. די פּיאַנע שווייגט.

— פאַרוואָס האָט מען אייך ניט געזעהען אַזא לאַנגע צייט?

— אַזוי.

— פאַרוואָס... יאָ, פאַרוואָס זענט איהר ניט געקומען גראַטולירען מיך נאָך מיין חתונה? אַלע זענען געוועזען...

איך האָב זיך פערראָיטעלט. דאָס האָט שוין ביי מיר לאַנג ניט געטראָפען. אוי, קלעהר איך, ווי דאָס בלאַטערעל מוז יעצט גלאַנצען אויף מיין נאָז!

נאָר כ'האָב געשוויגען.

— איהר קענט מיין יאַשען?

— ניין.

אַנ'אונאַנגענעהמע פּויזע. יאָ, יאָ — האָב איך מיר געטראַכט — „מיין יאַשע, מיין יאַשע", וואָס געהט עס מיך אָן? און אַז אפילו דיינער? — העניע איז געבליבען זיצען אָנגעשפּאַרט אָן שטול און די אויגען זענען איהר געוואָרען אַביסעל קאַסאָקע פון קוקען אין איין פּינטעל אריין. מיט צוויי פינגער האָט זי נע־פּויקט אויף דער פּיאַנע=דעק, וואָס זי האָט אראָבגעלאָזען.

— איהר געדענקט נאָך די עטליכע פּערזען, וואָס איהר האָט מיר אריינגעשריבען אין אַלבאָם?

איך האָב געשמייכעלט.

העניע האָט צו מיר פּלוצלונג צוגערוקט איהר בייינקעל און אָהויב נעמהון די האַנד. „באַלד, האָב איך מיר געטראַכט, וועט

זי מיך שוין אָנהאַפּען בײַ די האָר, ווי איהר שטײַגער איז, בשעת זי ווערט צו גוט ..."

נאָר דאָס מאָל האָט זי אַזוינס ניט געטהון. עפּעס ניט ווי־לענדיג האָט איהר האַנד געבלאָנדזשעט אײן סעקונדע אין דער לופטען, און פּלוצלונג, כּמעט — אונגערען, אַ גלעט געטהון אי־בער מײַנע האָר פון שטערען אַרויף.

— פאַרוואָס זענט איהר אַזוי אומעטיג?

„אַהאַ, האָב איך מיר געטראַכט און פערקריצט מיט די צײן אונטער די צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּען. אָט הויבט זיך שוין אָן די ווײַבערשע פוטער־סדרה..."

פונדעסטוועגען האָב איך ווי ניט איז אַרויסגעפּלאַפּעלט:

— אַזוי, גאָרנישט... דער קאָפּ טהוט וועה...

און די האַנד גלעט און גלעט. די האַנד גלויבט ניט. דער קול שעפּצעט:

— נײן, דו ביזט מאָדנע, דו בעהאַלסט דיך... דו ביזט עלענד...

„אָט האָסטו דיר, זי איז שוין גאָר אַריבער אויף דו."

אַ עלעקטרישער ציטער פליסט מיר איבער דעם גאַנצען גוף, אַלע נערווען ריהרען זיך. איך האָב פערגעניגען, גע'גנב'עטען, נעבעכדיגען פערגעניגען פון אַזאַ ווײכע בעריהרונג אָן די האָר. און האַרצען בין איך פערביטערט:

— וואָס וויל זי פון מיר? וואָס וויל זי? אַרײַנשלעפּען מיך אין לעבען אַרײַן? מען דאַרף אַנטלויפען, אַנטלויפען און... און אַ סוף זאָל עס נעהמען.

— הערט אויף, העניע, איך בעט אײַך. —

מײַן קול איז געווען אַזוי שוואַך...

— אי, מײַן דעמאָן, מײַן ליעבער דעמאָן, דו לײַדסט אַ סך, אַ סך, נו... זעהר אַ סך... און שווײַגסט... איך ווייס! — האָט זי צונגעבען און אָנגעשטעלט אויף מיר ליעבליך־הויטרע אויגען, — איך ווייס... און דו דערצעהלסט ניט..." שלעכטער, שלעכטער, שלעכטער...

— זי מיינט אַ פּנים אַלץ איהר חתונה־האָבען — האָב איך מיר געטראַכט און געשוויגען — אַ נס, וואָס זי מײנט ניט מײַן רעוואָלווער.

אין די ווייסע האַנד גלעט אַלץ זיבּערער און זיבּערער. איך וויל זי אָבּשטעלען און קען ניט. איך בין נידעריג ווי אַ קנעכט. אַלין בלעזעלט זיך ביי מיר אין מוח. בלעזלעך שווימען אַרויף און פּלאַצען: אָבגעזאָגטע לעקציעס... אַרויסגעטריבען מירקינען... שאַנד-הייזעל... רעוואָלווער... מען מוז דאָך אָנהייבען... מען מוז... מען מוז...

— וואָס איז מיט דיר, סאַלאָמאָן? וואָס ביזטו אַזוי בלייך געוואָרען? ליעבּער...

איך האָב פּלוצלונג דערפּיהלט, אַז ס'איז מיר זעהר, זעהר שווער אָבצורייסען זיך אויף אייביג פון אַזאַ וואַרעמער נשמה און אַוועקגעהן אין אַ קאַלטע אונענדליכקייט. — איך האָב דערפּיהלט, אַז נאָך אַ סך קייטען שמידען מיך צו צום לעבען און איך האָב פריהער ניט געוואוסט ווי שווער עס וועט זיין זיי איבערצורייסען. איך האָב דערפּיהלט, אַז איך וועל ניט קענען אַוועקגעהן אין יענעם שמוציגען אָרט קאַלטבלוטיג, אַריינשיסען זיך אין שלייף מיט אַ זיכערער האַנד, בשעת דאָ, אין צימער, נעבען דעם ראָזיגען אַבאַזשור געפינט זיך נאָך אַזאַ ליעבע בעשעפעניש ווי העניע, וואָס קען מוחל זיין אויף אַלץ און רעדען צו מיר אַזוי גוט, גלעטען מיך מיט אַזאַ ווייכליכקייט איבער די אונפאַרבּיגע האָר. איך האָב מיך אַליין דערשראָקען פאַר דער פּלוצליכער מחשבה, וואָס איז מיך מיט אַמאָל בעפאַלען און אינגאַנצען אויפגעטרייסעלט: באַלד האָב איך אַרויס דעם רעוואָלווער פון טאַש, גיב עס אַ שלייַדער איהר צו די פיס. — אָט דאָ צווישען די צוויי שפּיצען לאַקירקעס, וואָס שמייכלען אַרויס פון אונטערן קליידעל... דערנאָך וועל איך שטיל אַראָבלאָזען דעם קאָפּ אין אָט דעם קליינעם, יונגען שויס... זאָל זיין וואָס ס'וועט זיין... איך וועל דערצעהלען... איך וועל קריצען מיט די ציין אויף זיך אַליין און כ'וועל דערצעהלען... מיר דאַכט, אַז מיין האַנד האָט שוין גענומען זוכען די קעשענע... דאָ האָט אָבער עמיצער אַ גראַבּעל געטהון, די טהיר האָט זיך אויפגעעפענט און ס'איז אַריינגעגאַנגען...

— ער!!!

איך האָב איהם גלייך דערקענט אָן די לאַנגע האָר. דאָס איז געווען דער בוכהאַלטער, דער „טהייער". זיין געזיכט איז געוועזן איינס פון די ווייכע, „עהרליכע" און אַ ביסעל מיעדע געזיכ-

טער, וואָס געפֿעלען אַלעמאָל פֿרויען, און די מענער קענען זיי ניט ליידען. אַז מען קוקט זיך צו, דערקענט מען באַלד אין אַזאַ פּנים אַ מין אונאַנגענעהמע טרוקענקייט, אַ קליינינקען, ביליגען און קאַלטינקען עגאָאיזם, וועלכע זענען בעהאַלטען אין די ליפּען- און אויגען-ווינקלען.

ווי נאָר יענער איז אַריין אין צימער, האָט ער אויף אונז אָנגעשטעלט אַ פּאָר גראָהע, איבערזיכטיגע אויגען; פֿונדערעסטווע-גען איז איהם אַ געמאַכטע זיסקייט געווען צוגעגאָסען איבער די דינע ליפּען. מען האָט גלייך געזעהן, אַז איהם האָט פֿערברענט: עפּעס אַ פֿרעמדער בחור... אַ ראָזיגער אָבשיין פֿון לאָמפּ! — אַ קוק אויף דער ווייב, אַ קוק אויף מיר... און ווי נאָר זיינע אויגען האָבען זיך אָנגעשטויסען אָן מיין גרויסע, געצונצעלטע נאָז, איז איהם אַ פּנים גרינגער געוואָרען אויפ'ן האַרצען, ווייל דאָס זיס שמייכעלע האָט זיך ביי איהם באַלד צושמאָלצען איבער דאָס גאַנצע געזיכט.

העניע האָט זיך צו איהם אַ ציה געגעבען מיט איהר נערוועזע זאַפּטיג קערפּערל. זיי האָבען זיך אַרומגענומען און צוקושט. ער האָט זיך געמוזט איינבויגען, און זי — שטעלען זיך אויף די שפּי-צען לאַקירקעס. ס'האָט מיר אַוש גענומען קלינגען אין די אויערען. „די בעסטע מיידלעך. האָט מיך עפּעס אַ בריה געטהון, קומען אָן די ערגסטע נאַרנישטען. און איך, אַ קלענערער „נאַרנישט“, דאַרף עס נעהן קויפען פּאַר גראָשענס אין בלאָטע... אַ טאָג פֿאַר'ן טוידט...

— יאַשע, פֿאַרוואָס קומסטו אַזוי שפּעט?

יענער איז מיט אַמאָל געוואָרען סעריאָז, זעהר סעריאָז; אַ ביסעלע זיך אָנגעבלאָזען. די נאַרישקייט האָט ביי איהם גענומען קריכען, קריכען ביז זי איז איהם געבליבען הייגען אויפ'ן שפּיץ נאָז. מיט אַ קאַלטקייט האָט ער פּאַוואָלינקע אָבגעשטויסען פֿון זיך העניען און אַ זיפֿץ געטהון:

— אַ סך אַרבייט, אַ מאַסע אַרבייט...

ער האָט מיט דעם אַ סך געמיינט!

דאָס וואָרים געפֿיהל, וואָס האָט מיך אַרומגעחאַפּט מיט אַ פּאָר מינוטען צוריק, איז צעשוואומען און פֿערשוואונדען געוואָרען. ווי אַזוי, האָב איך מיר נעקלערט, קען מען זיך דאָס אַזוי גיך בייטען? אָט ערשט האָב איך אין דאָס ווייבעל געפֿיהלט עטוואָס

נאָהענטעס, עָטוואָס מײַנינגעס. וואָס געהערט נאָר צו מיר, נאָר מיר... און אין אַ מינוט אַרום האָט זי דאָס אַזוי לײַכט אָבגעגעבען אַ צווייטען... קושען זיך פֿאַר מיר אין די אויגען און מיך לאָזען שטעהן אָן אַ זײַט? וואָס בין איך אָ פֿליג און זי איז אַ שפּין? אָה, איך בין גאָר אַליין אַ שפּין... נאָך אַ גרעסערער שפּין... אַ שפּין — וואָס מען דאַרף צעטרעטען...

אַ קאַלטע שנאה. אַ טריבע אַכזריות צו זיך אַליין, האָבען אין מיר אויפֿגעבראַוזט. אויב איך וואָלט געקענט, וואָלט איך אײַנגעביסען די אָדערען פֿון האַנד און געזויגען מײַן אייגען בלוט.

— צוליעב וואָס בין איך אַהער געקומען? אֶפשר כדי צו חאַפּען אַ נדבה רחמנות, אַ גע׳גנב׳עטען גלעט? וואָס איז דאָס? אַ צוקעריל פֿאַר אַ ביטערער רפואה, וואָס? וואָס געהט מיך אָן דאָס יונג פּאָר׳ל? וואָס וויל איך פֿון אָט דעם טיש, פֿון דער סעראַטע־נער סאָפֿקע, פֿונ׳ם ראָזיגען לאָמפּ? און דער רעוואָלווער?... אהא, דער טײַוועל טאַנצט שוין ווידער אַרום מיר! איהם גלוסט זיך שוין ווידער אַרײַנשלעפּען מיך אין ס׳לעבען אַרײַן? ער פֿערשטעלט זיך מיר אין אַ גלעטעליע, אין אַ יונג ווייבעל, וואָס רעדט זיס. לעקעכלעך שטעקט ער מיר איך זאָל ניט וויינען. דאָס וועט זיך איהם ניט אײַנגעבען, ניין, ניין, ניין...

מײַן האַרטקייט און קאַלטבלוטיגקייט זענען אין מיר געוואַק־סען פֿון סעקונדע צו סעקונדע.

— אַה, יאָ... כ׳האָב פֿערגעסען — האָט זיך העניע אַרויס־געגליטשט פֿון איהר מאַנ׳ס אָרעמס — פּאַרדאָן, כ׳האָב דיר פֿער־געסען פֿאָרצושטעלען אָט דעם... ס אַ ל אָ מ אָ ן, אַנ׳אַלטער בע־קאַנטער. און דאָס איז מײַן מאַן — יאַשע.

— באַלד וועל איך עפּעס אָבטהון אַ שרעקליבע זאַך, אַ שרעקליבע זאַך — האָב איך געטראַכט מיט אַכזריות. —

עס האָט זיך צו מיר געגעבען אַ שטרעק אויס אַ ווייסע האַנד, לאַנגע בלייבע פֿינגער מיט אַ חתונה־רינג אויף איינעם פֿון זיי... מײַן האַנד האָט שוין געווען געמאַכט אַ בעוועגונג אָנצונעהמען די אויסגעשטרעקטע האַנד און אַ דריק טהון... און פּלוצלונג האָב איך זי אַ שטויס געגעבען פֿון זיך... דאָס שרעקליבע זאַך האָט מיר אַ בליץ געטהון אין קאָפּ און זיך גראָב אַרויסגעריסען:

— איך דאַרף ניט... וואָס מיר בעקאַנטשאַפֿט... וואָס טויג

אייער העניען נארען אייך ?... ס'איז ניעדעריג... אט ערשט האט זי מיך געדריקט צו זיך און געקושט... דער רוח ווייסט עס... צו־ליעב וואס לייגען, נארען...

כ'האב געטראפען אין פינטעל אריין. דער עפעקט איז גע־ווען שטארק. ביידע זענען געבליבען שטעהן ווי א דונער וואלט זיי געטראפען. צוויי פאר אויגען האבען זיך צו מיר א קעהר געטהון און פערקיהלט געווארען. גרויסע, משונה'דיגע... אז די פערשטיי־נערונג איז אריבער. האט העניע גענומען שטאמלען. די אונטער־שטע ליפ איז ביי איהר געווען אבגעהאנגען:

— סאלאמאן: ווי אזוי?.. דו? יאשע, ער זאגט?... וואס איז? ניין, ניין...

יאשע איז געווען בלייך ווי קרייד. ער האט פערנאנדערגע־נומען די הענד ווי אנ'אונטערגעשאסענע גאנז, האט אריינגעשרויפט זיינע וואסערדיגע אויגען אין זיין ווייבס געזיכט און געפלאפעלט:

— ע... העניע... הענעקע?

אין דעם מאמענט האב איך זיך געפיהלט ווי א זאטער פוקס, וואס חאפט זיך אריין אין א שטייג מיט היהנער. דער פוקס טהוט זיי גארנישט, און די היהנער פלאטערען און קוואקטשען און פיה־לען שוין דעם טעם פון צעריסענע אברים. כ'האב געווארט. ס'האט זיך מיר געגלוסט מיט'ן גאנצען הארצען, אז יאשע זאל זיך א הויב טהון, בעליידיגען מיך און ארויסווארפען פון שטוב. מיט דער זעלבער וויסער האנד, אויף וועלכער עס בלישצעט דער גאלדע־נער רינג... ער וואלט געגעבען א פאטש — וואלט איך אויך צו־גענומען. כ'וואלט געשטאנען גלייך און געשוויגען... אזוי רחמנות־דיג האט אויסגעזעהן העניע. אבער ער האט גארנישט געטהון. ער איז נאך צו זיך ניט געקומען. דאן האב איך אליין גענומען ארויסגעהן מיט'ן קאפעליוש אין דער האנד. דאס הארץ האט ביי מיר אויפגעהערט צו קלאפען. איך בין צוריק קאלטבלוטיג געווארען.

— פארליעץ!...

דאס האט זיך מיט מול ארויסגעריסען חאטש איינאיינציגע בעליידיגונג פון העניעס מויל. וואס איז ביז אהער געווען אזוי צו־

טומעלט. ס'האָבען זיך געפּיהלט אין דעם שוואַכען אויסגעשריי איהר גאַנצער כעס, בעליידיגונג, איהר גאַנצער עקעל צו מיר פון היינט אָן. דער אויסגעשריי האָט נאָך מיר נאָכגעיאָגט, צוריסען זיך ווי אַ באָמבע אויף מיין רוקען.

איך בין שוין געווען הינטער דער טהיר. דאָרטען האָב איך נאָך דערהערט אַ שוואַכען געוויש פון פרויען-קליידער. און אַ פאַל פון עטוואָס וויכעס, שווערעס. ווי עס ווייזט אויס, איז העניע געפאַלען אין חלשות. און אַ קול... יאַשעס קול בעט זיך, ציטערט:

— העניע... הענעקע...

— אָט האָסטו דיר יעצט „יאַשע און העניקע". ווי קליין זיי זענען יעצט, ווי אומגליקליך. און ווי שוואַך איז דער גליק, נאָט מיין גאָט. אַ שלעפּ געטהון איין נאַרישע, בעהאַלטענע פּעדימעל — איז אויס!...

אין טויער פון הויז בין איך שטעהן געבליבען. מיין פאָרשטעלונג האָט מיר אויסגעמאָלט אין איין מינוט דאָס מאוס'ע זאַך, די שמוציגע זשאַבע, דעם גראָבען ליגען און גיפטיגען ציניזם, וואָס איך האָב איבערגעלאָזען נאָך זיך אויף דעם צ ו ו י י ט ע ן ש ט אָ ק, אין אַזאַ נייעם וואָהנונג, צווישען מאַן און ווייב. אין רעכטען מיטען האָניג-חודש. כ'האָב מיר פאָרגעשטעלט העניעס טייבען טרעהרען און יאַשעס גליהענדיגען חשד, ביז ס'וועט זיך זיי בײדען אײַנגעבען אַלץ קלאָר צו מאַכען. מיין געוויסען האָט זיך גענומען אויפהאַפּען, קריכען ווי אַ שלאַנג פון נאָרע... אפשר אומקעהרען זיך, בעטען מחילה? ניין, מוחל זיין אויף אַזאַ זאַך קענען זיי ניט... זיי וועלען עס קיינמאָל ניט פערשטעהן. לכל-הפחות דערצעהלען אַלץ ווי ס'איז געווען... אָבלייקענען דעם שקר, די גראָבקייט... ווי האָט זי אַ געשריי געטהון? פּאָדליעץ?... יע, יע.

נאָר דאָ האָט זיך מיר אַראָבגעלאָזען די האַנד אין קעשענע. דאָס בין איך אַנטלאָפען בעהאַלטען זיך פון זיך אַליין צו מיין בעשיצער; צום קאַלטען, מעטאַלענעם, גוטען בעשיצער מיינעם. די האַנד האָט אָנגעטאַפּט און ווי אַנ'אָדלערשע לאַפּע פעסט־ארומגעחאַפּט איהם... דעם רעוואָלווער... וואָלט איך געקענט אין

איִהם נעָגעָל אַרײַנשטעָבּעֶן, וואָלט איִך עָס געָטהון. אַ קאַלט געָלעָבּטעָרעָל האָט זיִך אײַנזאַם אַרויסגעֶקויקעָלט פוּן האַלז און צוּגאַנגעָן איִן דעָר קאַלטעָר לוּפט. מיִט איִמפּעָט האָב איִך אָבּגעָטראָטעָן פוּן שטוּב און אוועָק. איִן קעֶשעָנעָ האָב איִך אַלץ געֶדריִקט דעָם רעֶוואָלוועָר, רעָדעָנדיִג צוּ איִהם וויִ איִן קדחות:

— נײַן, טײַערעָר, נײַן, ליִעבּעָר... מיִר ווע֗לעָן זיִך שוֹין גיִט אוּמקעָהרעַן — רעָוואָלוועָרעָלעָ מײַנס... מעָהר קײַנמאָל ניִט... זוי אונזעָר מיִרקיִן זאָגט... וויִ? צוּם טײַוועָל, צוּם טײַוועָל!...



# קאַפּיטעל זיעבּען.

23 טעג אין תשרי. באַגינען.

אַנ'אונרוהיגע נאַכט. אַ פּערוואָגעלטע נאַכט.

נאָך דער נעכטיגער מעשה, געהענדיג צוריק פון העניען מיט האַסטיגע, ניט גלייכע טריט, האָט זיך מיר פּלוצלונג געכומען דוכטען, אַז עמיצער יאָגט זיך נאָך מיר. איך קוק זיך אום — קיינער איז ניטאָ. גיה איך ווייטער — הער איך פאָרט, אַז מען לויפט מיר נאָך מיט ווייכע, קעציזשע טריט; עמיצער רייבּט זיך אַרום די וואַנד, וואו דער שאָטען איז געדיכטער און וועבּט דאָרט עטוואָס ליעסטיגעס, עטוואָס שלעכטעס — ווי אַ גרויסער שפּין אין דער פינסטער.

איך האָבּ גענומען חושד זיין, אַז דאָס איז יאַשע. עס ברענט אין איהם די אייפערזוכט. ער איז ערשט געקומען צום זינען, און לויפט נאָך אָבּרעכענען זיך פאַר זיך און פאַר זיין ווייבעל. אַן אָבּגעפּושערטער מאַן... ער גנב'עט זיך פון הינטען; די אויגען סטאַרטשען ביי איהם אַרויס פון שטערען ווי ביי אַ זשאַבּע... די לאַנגע האָר זענען איהם צושויבּערט; אַ גאַנצער קאָלטון; די האַלז — אויסגעצויגען ווי ביי אַ שלאַנג. אַ פינישעס מעסער איז ביי איהם בּעהאַלטען אין אַרבּעל. אַ מין העלד פון „קרייצער'ס סאָנאַטע“. איך דאַרף נאָר אַ ווייַלע ניט געהן אַזוי האַסטיג, וועט זיך מיר עפּעס אַ לאַנגע, קאַלטע זאַך, אַ שאַרפע און אַ געפעדערליכע אַריינשטעכען אין רוקען; וועט זיך אינוועניג אַ גליטש טהון און דורכגעהן צווישען די ריפּען, דורך די לונגען, וואָס בּעוועגען זיך אַזוי עלאַסטיש...

האָבּ איך זיך געלאָזען געהן נאָך גיכער, נאָך האַסטיגער.

נאָר אין אַ מינוט אַרום האָבּ איך מיר צוריק אַ קלערער געטהון: נו, אַדרבּא, אַדרבּא, זאָל מיך טאַקע יאַשע שטעכען. ס'איז אַלץ איינס: איך אַליין אָדער אַ פרעמדער.

און מײַנע טריט זענען געװאָרען דריבנע, אָבגעמאָסטען,
כ'האָב אפילו אײן האַנד פֿערלעגט אויף הינטען. ס'האָט זיך גע-
װאָלט בײדע הענד פֿערלעגען, „נאַ, טוירט!" נאָר מיט אײן האַנד
האָב איך געמוזט דריקען דעם רעװאָלװער אין קעשענע; כ'האָב
געמוזט. אַזוי בין איך געגאַנגען און געװאַרט אויף עפּעס
שרעקליכעס, אויף אַ פּלוצלעכדיגען, װילדען אָנפֿאַל פֿון הינטען;
עס זאָל אַזש אַ בריל טהון אין דער לופֿט. —

ס'האָט זיך גאָרניש ניט געטראָפֿען. טונקעלע מענשען זי-
נען פֿערבײַ מיר דורכגעגאַנגען, געשװאַרצעלט זיך, געשלײַנגעלט
זיך אין דעם אויסגעמישטען שײַן פֿון די גאַז-לאַמטערנעס און פֿון
דער לבנה. אײנער פֿון הונדערט פֿלעגט אויף מיר אַ קוק טהון
אָהן אַ שום כונה און אַװעקגעהן. די איבעריגע האָבען, װי די
טוראַשקעס, געקוקט נאָר אויף דעם טראָטואַר, װאו זײ געהען. פֿון
זײערע נאָזילעכער זענען געפֿלויגען קלײנע קרײַזעלעך פּאַרע. דאָס
איז אויך באַלד צעגאַנגען אין שאָטען. —

פֿונדעסטװעגען, װי נאָר איך האָב זיך אַרײַנגעהאַפּט אין מײַן
צימער, האָב איך פֿערשלאָסען נאָך זיך די טהיר. איך געדענק
גוט: צװײ מאָל האָט זיך דער שליסעל איבערגעדרעהט אין שלאָס-
לאָך. כ'האָב צוגעלעגט אַנ'אויער און געהאָרכט: שטיל. — דער-
נאָך האָב איך אָנגעצונדען דעם לאָמפּ. דערנאָך האָב איך זיך
אַרײַנגעזעצט אין בעט אין פּאַלטאָ, אין די קאַלאָשען, אַזוי װי
איך בין געקומען פֿון גאַס. האַרץ און מוח — אַזוי װיסט און
לעדיג און פֿונדעסטװעגען אַזוי שװער. מײַן קאָפּ האָט זיך אַראָב-
געלאָזען װי אַנ'אונטערגעשניטענער, בעהאַלטען זיך אין הויכען
קאָלנער פֿונ'ם װינטער-פּאַלטאָ. מײַן זודיגער אָטהעם האָט קײן
דורכגאַנג ניט געהאַט און געבריהט מיר די באַקען, די ליפּען,
דעם גאַנצען פּנים.

װען איך האָב זיך שוין שטאַרק דערהיצט, האָב איך ערשט
דאַמאָלסט דערפֿיהלט, אַז איך זיץ אין פּאַלטאָ, — פֿערשטאַנען,
אַז ער איז אין דעם שולדיג... האָב איך געחאַפּט אַראָברײַסען
איהם פֿון זיך און אַ שלײַדער געטהון אָן דער פּאָדלאָגע: ס'איז מיר
אַלץ אײנס, מאָרגען-פֿריה פֿערקויף איך איהם!

דאָס האָט מיך נאָך ניט בערוהיגט. האָב איך אַ פֿלינקען
שפרונג געטהון, אַראָבגעהאַפּט פֿון הענגעל מײַן נײַעם סמאָקינג-

אַנצוג, װאָס איך האָב זיך גענײט מיט אַ צװײ חדשים צוריק און װעלכער איז װי אַ מת געהאַנגען אױפ'ן װאַנד אונטער אַ װײַסען לײַלעך. כ'האָב איהם צוזאַמענגעדרעהט מיט דער לײַלעך אינאײנעם און אַ װאָרף געטהון מיט האַס אויפ'ן פּאַלטאָ: װאָס מיר סמאָקינגס! מאָרגען װעל איך דאָס אױך פערקױפען ...

כ'האָב מיך אָבער נאָך אַלץ ניט געקיהלט: אײן פוס פערנאַנדערגעװיגט אין דער לופטען. דערנאָך די צװײטע פוס, אױף אַזאַ אופן אױסגעטהון מײַנע בלאָטיגע קאַלאָשען און אַרױפגעװאָרפען זײ אױף דער קופּע קלײדער, װאָס װאַלגערט זיך אין שטוב:

— אַלץ װעל איך פערקױפען ... אַלץ!

דאָס האָט מיך אַזױ משונה'דיג אָבגעמאַטערט, אַז איך האָב מיך געמוזט אױסציהען אױפ'ן בעט — אָברוהען אַביסעל. כדי צו דערקװיקען זיך, האָב איך אַרױסגענומען דעם רעװאָלװער, אװעקגעלעגט איהם אױפ'ן קישען, צוגעדריקט צו איהם מײַן גליהענדיגע באַק און עפּעס אַ טריבעס ליבע-געפיהל האָט זיך מיר געבאָמבעלט אין לעדיגען מוח:

— שױן לאַנג מיט דיר ניט געשלאָפען, ממזר'ל ... שױן לאַנג, רעװאָלװערעלע מײַנס ...

און אין אַ מינוט אַרום ...

— חע, דו װאַרטסט שױן דאָך אַזױ לאַנג ... כ'האָב דיך אַביסעל אָבגענאַרט, זונעניו ... דו ביזט שױן גוט הונגעריג, אַ יאָ? זײַ זיך מודה ...

מײַן „זונעניו" האָט געבלאַנקט און געשװיגען.

אַזױ בין איך געבליבען ליגען אַ פּאָר שעה אָהן אַ טוב געדאַנק, אָהן שלאָף, אָהן װילען. דער לאָמפּ האָט געברענט אױפ'ן טיש, ערגעץ װײַט האָבען לאָקאָמאָטיװען געפּרובט זײערע קול'כער, געבריהמט זיך, װער עס קװיטשעט בעסער ...

פּלוצלונג האָב איך דערהערט, אַז די אָבצאַסען פון מײַנע שיך האָבען זיך אַ קלאַפּ געגעבען אָן דער פּאָדלאָגע. װי אין היפּנערפּלעט האָב איך זיך אַרומגעקוקט אַרום זיך און פערשטאַנען, אַז דאָס איז גאָרנישט, אַז דאָס האָב איך זיך נאָר אַנידערגעזעצט; האָב איך צו זיך אַזױ געזאָגט:

— ס'איז דאָך אַ פּשוט'ע מעשה: איך קען זיך אױסטהון ...

טאַקע מיט אַן אֶמת אויסטהון זיך... אויסציהען זיך אונטער דער קאָלדרע... דער רעוואָלווער ביים זייט... „זעהר אַנגענעהם!"

מיינע הענר האָבען גלייך גענומען, אויפגעהויבען די דעקע. דעם מאַטראַץ האָב איך ניט אויפגעטרייסעלט, דעם צוקאָפּען ניט אַרויפגערוקט. מעכאַניש האָב איך זיך בעוועגט; וויַ מיט האָלצערנע פינגער אַראָבגעריסען פון זיך די קליידער און אַזוי ניט פאַרזיכטיג, אַז אַ פּאָר קנעפּלעך האָבען זיך אָבגעריסען, אַ שפּרינג געטהון אויף דער פּאָדלאָגע, געהאַפט דאָרטען אַ טענצעל, אַוועקגעקויקעלט זיך מיט אַ „אַהאַ"... אויסגעצויגען זיך מיט מזל אַנ'אָרט, געבליבען ליגען, אַנ'שוויגען געוואָרען...

כ'האָב פערלאָשען דעם לאָמפּ. אַרונטערגערוקט זיך מיט'ן רעוואָלווער אונטער דער דעקע. שטי—יל. — ווי אין קדהוה האָב איך א י ה ם געגלעט, געדריקט צו מיין לייב און געקלערט, ווי שרעקליך עס וועט הילכען אַ שאָס אין אַזאַ שוויינעדיגען, פינסטערן חדר. אַ פריהער אַ בליץ... אַ פּייערדיגער בייזער קוק פון אַ ריזיגען דעמאָן און באַלד: טררר—אַך! דער בעל־הבית און די בעל־הבית'טע פון דירה חאַפּען זיך אויף מבוהל'דיגע און גלייך צו מיר אין צימער אַריין. — „גאָרדאָיוואָי!" שרייט דער בעל־הבית; ער איז אַזאַ שרעקעדיגער... די בעל־הבית'טע איז אַזוי מבולבל, אַז זי שפּרינגט צו מיר אַריין אין צימער מיט נאַקעטע, קײלעכדיגע פּלייצעס... מאָרגען ביינאַכט וועט דאָס טאַקע אַזוי זיין. אַ שאָד, וואָס איך וועל שוין ניט קענען זעהן...

און שעה'ן ציהען זיך, און דער אָטהעם בריהט און לאָקאָמאָטיווען פּייפען ערגעץ וייט, און קעץ ווייינען אויף די טרעפּ. אַ פריהער קלאָגען זיי איטליכע בעזונדער, דערנאָך אלע צוזאַמען, דערנאָך סיפּען זיי ווי שלאַנגען און רייסען מיט די נעגעל... און דער שלאָף הענגט אין דער לופטען אַזאַ שווערער, אַזאַ געשמאַקער. איך פיהל כמעט זיין טעם, זיין ריח, ער וויל זיך אָבער ניעדעריגער ניט אַראָבלאָזען, ער רייצט זיך מיט מיר, ער רייצט זיך.

... זעה, אָט איז העניע. זי וויינט. איהרע טרעהרען זענען גרויסע און פינקלען. דאָס פאַלען פון איהרע אויגען שטיקעלעך נשמה. זי האָט אַ בריליאַנטענע נשמה. די טרעהרען קויקלען זיך איבער בײדע בלייבליכע באַקען צו איהר געמבעלע. דוקא אין

גריבּעלע ווילט זיך זײ אַרײַנפֿאַלען. דאָרטען ניסען זײ זיך צונויף און פֿאַלען אַראָב... בײַ יאַשען זענען די אויגען פֿערלאָפֿען מיט בלוט. זײַנע גלײַכע האָר זענען לאַנג און האַרט ווי אַ פֿערדישער עק און צושויבערט. ער האַלט עפּעס דאָרטען אַ גלאַנצעדיגע, שאַרפֿע זאַך. דאָס איז בײַ איהם פֿערוויקעלט אין אַ פּראָקלאַמאַציע מיט רויטע אותיות. ער שרײַט „העניע, העניעקע, לאָז מיך, לאָז מיך צו איהם..."

איז דאָס אַ חלום אָדער — אַ קאַשמאַר? אַ פּנים — אַ קאַשמאַר. איך פֿיהל, אַז איך בין ניט געשלאָפֿען. אַ ראיה האָב איך, די גאַנצע צײַט האָב איך געפֿיהלט אַ טעמפּען וועהטאָג אין באַק. דאָס האָט מיר וועה געטהון פֿון רעוואָלווער. צו שטאַרק האָב איך זיך צו איהם צוגעדריקט.

און ווי טאַקע... אויב העניע וואָלט געווען מײַנע, נאָר טײַנע. ניט דעם בוכהאַלטערס מיט די משונה'דיגע האָר, און וואָלט מיך געגלעט און געקושט, אויף אַנ'אמת געקושט, ניט ווי איך האָב פֿריהער געלײַגט... אויף אַנ'אמת... וואָלט איך אפשר ניט געדאַרפֿט האָבען אָט דעם מגולל; אַז מען דריקט זיך צו איהם צו — שטעכט ער זיך נאָר... העניע איז ווײַבער, אָה, אַ סך ווײַבער! איהרע האָר שמעקען מיט נעגעלעך-אָדעקאָלאָן, די אויגען גלאַנצען בײַ איהר מיט אַ גרינליכען פֿײַערל אין דער פֿינסטער...

אָבער איך בעמיה מיך דערשטיקען אַזאַ צוריסענע, נאָגענדע לײַדענשאַפֿט און שרײַ אויס דורך די צײַן אונטער דער דעקע:

— דוקא, דוקא... אַלע קלײדער וועל איך פֿערקויפֿען. אַלץ וועל איך פֿערקויפֿען.

די פֿינסטערניש אין צימער ווערט בלאָה, דערנאָך בלײַך. די טויער סקריפּעט. אין הויף הילכט אַ הוסט און שווערע שטיוועל סמאָרען דאָרטען איבער די שטײנער, וועלכע זענען בעצויגען מיט אַ דינעם באַגינען-אײַז. די קופּה קלײדער אין מיטען צימער מיט די בלאָטיגע קאַלאָשען, וואָס זיצען אין דער הויך רײַטענדיג, הויבען זיך אָן אָבצוטײלען פֿון דער נאַכט, שווימען אַרויס ווי אַ קלײנע פּיראַמידע אינ'ם בלאָהליכען חושך.

### דערזעלבער טאָג, 11 אין דערפריה.

— האנדעל, האנדעל, האנ—דעל!!! מארינארקעס, קאַ־מאַשען, קאַלאָשען, קאַפעליושען...

— אהאַ, געלויבט איז גאָט.

איך שפּרינג צו צום פענסטער, קלאַפּ אין שויב און ווינק: „ר' יוד, קומט אַריין."

בשעת יענער קריכט דאָרטען אויף די שטיגען, חאַפּ איך אויפהויבען מיינע קליידער פון פּאָדלאָגע, טרייסעל פון זיי אָב דעם שטויב און וואַרף זיי אַרויף גלייכגעוויכטיג אויפ'ן ווענטעל פון שטול.

שוין אַ פּאָר שעה, אַז איך וואַרט אויף אַ האַנדליאַרזש און קלעם מיך. די הענדלער האָבען דוקא היינט, ווי צו־להכעיס, פערשפּעטיגט. אַלעמאָל וועקען זיי מיך אויף זייגער אַכט. איך האָב שוין געוואָלט לויפען, זוכען זיי אין גאַס.

שאַ! איך הער שוין זיינע טריט אויף די לעצטע שטיגען. טריט פון אַ מענשען מיט גרויסע שטיוועל, מיט אויסגעקרימטע אָבצאַסען. באַלד וועט אַ סקריפּ טהון די טהיר. מיינע קליידער— אַזוי ווי ניט געוועזן. און אויפ'ן גאַס איז אַ שניי מיט אַ רעגען; קאַלט, נאַס.

— פערקויפען, פערקויפען... און דער רעוואָלווער? דו פערגעסט!

— גוט מאָרגען! — דערהער איך באַלד הינטער זיך אַ חניפה־קול. איך קוק זיך אום: ער איז שוין דאָ. אַ בעבערדעלט נעזיכט. האָר געלע, קאָלטענעיאַטע, קריכען אין מויל אַריין. פּייכטע אויגלעך, פינטלען; קוקען מיך אָן מיט אַ קוקעלע פון אַ האַנדליאַרזש אַ פּקח, וואָס וויל גלייך דערקענען, מיט וואָס פאַר אַ „העכט" ער האָט דאָ צו טהון.

— גוט מאָרגען. וואָס האָבען זיי צו פערקויפען?

— דאָרטען, אויפ'ן שטול... — ווייז איך איהם מיט'ן פינגער.

דאָס יודעל האָט גלייך אַראָבגעוואָרפען פון זיך דעם זאַק, אַ ציה געגעבען זיך צו מיינע קליידער; גענומען טאַפּען, שמעקען,

בידק זײַן בײַם פֿענסטער. דאָ, מאַכט ער צו מיר, איז איהם ליכטיגער. — פֿלינק האָט ער אַרויסגעקאַטשעט די אַרבעל פֿון דער מאַרינאַרקע און האָט זיך בעקאַנט געמאַכט מיט דער פּאַטשעווקע. מ'יאָ, מאַכט ער, די פּאַטשעווקע מוז מען זאָיך זעהן. און וואָס מעהר ער האָט אונטערזוכט די „סחורה", אַלץ קרומער און ציטריגער איז געוואָרען זײַן קוקען אויף מיר.

— איז... פֿערקויפֿט איהר דאָס?

— יאָ.

דערבײַ האָב איך אָבגעקעהרט דעם קאָפּ. מיר האָט זיך נעדוכט, אַז יענער גראַבעלט זיך ניט אין די קליידער־אַרבעל נאָר בײַ מיר אין האַרצען; האָט מיר איבערגעקעהרט די נשמה אויף דער לינקער זײַט און טאַפּט... טאַפּט מיט קרומע בלאָטיגע פֿינגער... איך האָב געפֿיהלט, אַז איך פֿערקויף דאָ דעם לעצטען חלק לעבען, אַז איך פֿערדאַרב דאָס, וואָס האָט מיך געדאַרפֿט וואַרימען און בעשיצען פֿון בײזען פֿראָסט, פֿונדעסטוועגען האָב איך געשמײכעלט. צוליעב וואָס? איך ווײס אַלײן ניט. דאָס איז עפּעס געווען אַ שמײכלען ווי בײַ דעם „מענש, וועלכער לאַכט", אין הוגאָס ראָמאַנען.

— איז... אַלץ פֿערקויפֿען זײַ, פּאַניע?

— אַלץ!

— דעם פּאַלטאָ אויך?

— דעם פּאַלטאָ אויך.

איך האָב געזעהן, אַז דער האַנדל־אַרוש וואָלט געוועזען אַ בּלײַ וויסען, פֿאַרוואָס פֿערקויפֿט דאָס עפּעס אַנ'אַנשטענדיגער בחור אין מיטען העלען טאָג אַזעלכע נײַע בגדים. ער האָט נאָך פֿריהער אַרומגעזוכט מיט די אויגען אַלע ווינקעלעך, ערקונדיגט זיך, אַז קײן אַנדער פּאַלטאָ האָב איך ניט. ער האָט אָבער מורא געהאַט קאַליע מאַכען דעם מסחר און געשוויגען. — ס'פּנים האָט בײַ איהם מיט אַמאָל בעקומען אַ הענדלערשען בטול. קאַלט און פֿאַרזיכטיג האָט ער אַ פֿרעג געטהון:

— נו, איז הײסט דאָס, וויפֿיעל?... כ'מײן וויפֿיעל זאָל מען דערפֿאַר געבען?

— עלף רובל — האָט זיך מיר אַרויסגעכאַפּט פֿון מויל.

פֿאַרוואָס עלף? מיט אַ ווײַלע צוריק האָט עס געשלאָגען צעהן אַ זײגער. איז מיט אײנם מעהרער...

— וויפֿיעל, פֿאַני, וויפֿיעל? — האָט יענער ניט געגלויבט זײַנע אײגענע אויערען.

— איך האָב געזאָגט — עלף רובל.

— בײַ דעם האַנדליאַרזש איז די נאָז בלײך געוואָרען. ער האָט נאָך אַלץ ניט געגלויבט, נאָר ער האָט געהאַט פּחד איבערצו־פֿרעגען. האָט ער זיך גענומען אומדרעהען, טאַפּען אין די קע־שענעס מיט ציטערדיגע הענד, קלינגען מיט קופּער־געלד:

— נו, מסתמא ווילען זיי דאָך. כּע—כּע, צעהן... ס'הײסט צעהן קערבלעך... אַ גלײַכער חשבון...

— עלף!

— דוקא? פֿאַני, איך קען ניט. מײַן עהרען וואָרט... צעהן איז אויך אַ פּרײַז. וואָס... וואָס... געבען? יאָ?

— נײַן.

— אַ ווײַב מיט קינדער... פֿאַני, שלעכטע צײַטען...

אַ גאַנצע כוואַליע פֿון עקעל האָט מיך אַ שטיק געטהון אין האַלז. ס'האָט זיך מיר אַזוי געגלוסט אָנחאַפּען דעם הענדלער פֿאַר'ן קאָלנער און אַרויסוואַרפֿען דורך אַלע טהירען. מײַן לעצט שטיקעל לעבען קויפֿט ער דאָ און דינגט זיך נאָך. אַזאַ יונגאַטש! מיט זײַן ווײַב און קינדערלעך שרעקט ער מיך. — נאָר מײַן רע־וואָלווער, וועלכען איך האָב די גאַנצע צײַט געדריקט אין קעשענע, האָט מיך אָבגעהאַלטען...

— ר' יוד... — האָב איך מיער געענטפֿערט — לאָזט מיך. איך בעט אײַך, לאָזט מיך.

תּכּף האָב איך דערפֿיהלט, אַז עטוואָס קײַלעכדיגעס, שווע־רעס רוקט זיך מיר אַרײַן אין דער אָבגעשוואַכטער האַנד. געענ־דיגט. אין רוקען איז מיר עפּעס דורכגעלאָפֿען. יענער איז גע־שטאַנען און געערדט גיך, גיך. עפּעס האָט ער זיך געשוואוירען... עפּעס האָט ער אַ ווײַב מיט קינדער. אָט דאָ לאָזט ער מיר אי־בער אַ פֿינפֿערעל אַנ'אויפֿגאָב. זאָל ער אַזוי געזונד זײַן און זײַן ווײַב און זײַנע קינדער, אַז אין אַ ווײַלע אַרום ברענגט ער מיר דאָס איבעריגע. ער האָט מיט זיך וועניג געלד גענומען. חלילה, איך זאָל אַנ'אַנדערן ניט פֿערקויפֿען. ער זעהט אָן מיר, אַז

איך בין אַ פֿײַנער מאַן . חלילה , אָט באַלד קומט ער צוריק , אָט באַלד...

איך האָב איהם מיר אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ .

אַז יענער איז אַרויס, האָב איך זיך גלײַך אַ קעהר געטהון און מיט אַ בעהאַלטענער בײַנקשאַפֿט אָנגעקוקט מײַנע קלײדער :

— פֿערקויפֿט .

און באַלד האָב איך זיך אויסגעגלײַכט , פּונקט ווי איך וואָלט מיך דערמאַנט , אַז איך האָב נאָך אויפֿצוטהון עפּעס זעהר אַ וויכּ־טיגע זאַך . מיט זעהר אַ סעריאָזע מינע האָב איך אויסגעזוכט אַ שטיקעל קרײַד , צוגעגאַנגען פּאַמעליך צו מײַנע קלײדער , אויסגע־שפּרייט זיי אויפֿ'ן בעט , און שטעלענדיג זיך נעבען בעט איך די קניע גענומען אויסמאָלען אויף די קלײדער טוידטע קעפּ , ווײַסע שאַרבענס ... אונטען מיט צונויפֿגעקרייצטע ביינער . מיר איז אַלע־מאָל געפֿעלען געװען דער דאָזיגער סימבאָל פֿון אינקוויזיציע , פֿון טוידט־געריכט , פֿון דער גאַנצער מענשעשער צוקונפֿט . זענענדיג פֿערטראַכט , פֿלעג איך מיר אָפֿטמאָל מאָלען אַזוינע לאַנגליכע רע־דעלעך , אין מיטען : דרײַ דיקע פּינטלעך ווי אַ סֶגֹל . אַ ביסעלע ניעדריגער — עטליכע דריבנע זיגזאַגען . אונטען — אַ פֿלאַכען קרייץ . פֿאַרטיג ! — אָבער פֿאַרוואָס האָב איך זיך אַצינד , פֿון דער העלער הויט , צוגעחאַפּט צו דעם ? — אַ גרויסען , טוידטען קאָפּ האָב איך אויסגעמאָלט אויפֿ'ן פּאַלטאָ ; קלענערע — אויף דער וועסט , אויף דער מאַרינאַרקע , אויף די הויזען ... מײַנע קניע האָבען אָנגעהויבען וועה־צו־טהון . דאַן האָב איך זיך אויפֿגעהויבען און געזעצט זיך אויף אַ שטול נאָהענט צום בעט . איך בין געזע־סען מיט'ן קרײַד אין דער האַנד און שטום , מיט שטאַרע אויגען בעטראַכט די ווײַסע שאַרבענס אויפֿ'ן טונקעלען געוואַנד . זיי האָ־בען מיר אויסגעוויזען ווי בלייכע טוידט־חתימות . אַ פֿרעמדע , מיס־טישע האַנד האָט דאָס אָבגעשטעמפּעלט מײַנע קלײדער . ביי דעם גרענעץ פֿון טוידט און לעבען ... די קלײדער זענען שוין אויף יענעם זײַט לעבען ... דאָס זענען דאָרטיגע טאַמאָשנע־שטעמפּלען ... ניט איך האָב זיי געמאַכט , ניט איך ...

מײַנע אויגען האָבען זיך אײַנגעגעסען אינ'ם גרויסען „שאַר־בען" אויפֿ'ן פּאַלטאָ . און שטיקלעך געדאַנקען האָבען זיך מיר גיך , גיך נעדרעהט אין קאָפּ : דער רוח ווייסט זיי , אָט די בגדים'לעך ,

וואוהין מען וועט זיי פֿערשלעפּען נאָך מײַן טוידט. דער יאָלד, ייאָט וועט זיי אָבקויפֿען בײַם האַנדליאַרוש, וועט נאָך פֿון זיי הנאה האָבען, וועט זיך אין זיי יום־טובֿ׳ן, וועט זיך וואַרימען אין זייער געוואַנד... מען וועט זיי טראָגען, מען וועט אין זיי אַרומשפּאַצירען, אין יענע סעדער און גאַסען, וואו איך האָב אין זיי שפּאַצירט, אין די זעלבע רעסטאָראַנען און קאַוויאַרנעס, וואו איך בין געזעסען: אֶפשר אויף די זעלבע שטולען... אין ס׳קען זײַן, אַז מען וועט זיי פֿערפֿיהרען אין ווײַטע מקומות, אין שטעדט, וואָס איך האָב אין מײַן לעבען ניט אָנגעזעהן; אין אַמעריקע... דער יונגערמאַן, וואָס וועט זיי טראָגען, וועט קיינמאָל גאָרנישט ניט וויסען... און אַז יאָ, איז וואָס געהט עס איהם אָן? ניין, ער דאַרף טאַקע גאָרנישט ניט וויסען, וועט ער זײַן רוהיגער. ער וועט ניט וויסען, אַז דער, וואָס האָט זיי פֿריהער געטראָגען, האָט זיי עקסטרע פֿערקויפֿט, כּדי צו פּטור ווערען פֿון אַלץ וואָס ער האָט, פֿון זיך אַליין און... שטאַרבען. אַ פֿערליבטע מיידעל קען נאָך זיצען אויף יענעמס קניע אין מײַן אַנצוג... און גלעטען ווי העניע... דאָס איז דאָך מאָדנע, דאָס איז מאָדנע!

— טריט.

פֿיל פֿון בויגען האָב איך אָבמעקען די טוידטע קעפּ מיט׳ן אַרבעל.

דאָס געוואַנד איז ווידער טונקעל.

דאָס געהט אַרײַן מײַן האַנדליאַרוש, אַזוי שטיל נעבעכדיג; נאָר סאָפּען סאָפּעט ער ווי אַ מידער פֿערד. טראָפּענס שווייס רינען איהם פֿון שטערען אין דער געלער באָרד אַרײַן. די אויגען — מוטנע. אַ פּנים, ער איז גוט געלאָפֿען, געשראָקען זיך. טאָמער האָב איך חרטה:

— אָט... בײַ מיר איז דאָס איינס־צוויי... אָט האָט איהר; צעהלט!

דערבײַ האָט ער מיר אַרײַנגעשטופּט נאָך צוויי פּאַפּירענע דרײַ־רובעל׳דיגעס און מיט איין אָטהעם אַרומגענומען אַלע מײַנע קליידער אין בײדע אָרעמס. — פֿי, דאָס פּאַסט שוין גאָרניט פֿאַר אַ הענדלער. אַנ׳אמת׳ער הענדלער דאַרף זיך האַלטען אַביסעל רוהיגער.

איך בין געשטאַנען אָן אַ זײַט און געקוקט אויף די האָריגע

הענד, װעלכע ציטערען אזױ הונגעריג און בינדען מײנע קלײדער. ער בינדט און זײ לאָזען זיך אַזױנע שטילינקע, חמכע, װי די שעפּעלעך. דער פּאַטאָ — דאַכט זיך אַזאַ גרױסער, אַזאַ נאַרישער און לאָזט זיך אױך. איהם פֿערדריסט אפילו ניט...

און װאו בין איך? איך מוז שװײגען. ס'האָט זיך מיר פֿער־געשטעלט אַ פֿערסמ'טער װאַלד אין װאַלד. דער װאָלף װאַרפֿט זיך אין די לעצטע יסורים און די שװאַרצע ראָבען און די שרעקליגע שצורעס װערען מיט אײן מאָל גבורים, לויפען אָן און פּיקען און נאָגען, װאו נאָר אַ װײכער אָרט, װאו נאָר עס װאַרפֿט זיך ניט אין קאָנװאולסען אַ שפּיציגער נאָגעל... ניטאָ שױן װאָס מורא צו האָבען. דער װאָלף גוסס'ט. דעם הענדלערס נאָז איז אַזױ ענהליך צו אַ שנאָבעל, װאָס איז אײַנגעטונקט אין בלוט...

די קלײנער — פֿערפּאַקט און אַרײַנגעשטופּט אין זאַק אַרײַן. דער אַלטער, צוקנײטשטער זאַק האָט מיט אַמאָל בעקומען אַזאַ קײלעכדיגען, נגיד'ישען בױך. דער הענדלער האָט אױף איהם ליעבליך אַ קוק געטהון און האָט זיך בערוהיגט. די אױגען זענען איהם צוריק געװאָרען עזות'דיג און שפּיציג װי בײַ אַ געניטען הענדלער. ער האָט גענומען װישען דעם שװײס פֿון שטערן, אַרומקוקען זיך אױף אַלע זאַכען אין מײַן צימער. — ער פֿער־שטעהט, ער פֿערשטעהט, מאַכט ער צו מיר, מסתמא איז אױף מיר שמאָל געװאָרען, אָדער אפשר פֿאָהר איך אין אױסלאַנד? אין אױסלאַנד זאָגט מען איז װאַרים... װי?

— יאָ, איך פֿאָהר אין אױסלאַנד.

... זעה נאָר, ער האָט אָבער גלײַך פֿערשטאַנען. —

דאָ האָט ער גראַדע דערזעהן מײנע קאַלאָשען.

— די קאַלאָשען פֿערקױפֿט איהר מסתמא אױך? װי, פּאַני?

— נעהמט די קאַלאָשען אַ צוגאָב אין... געהט!

אַפֿענשטעל זענען די קאַלאָשען פֿערשװאונדען געװאָרען.

אפשר האָט איהר אַ הוט צו פֿערקױפֿען, פּאַני? אַלטע קאַ־פּעליושען...

— ר' יוד, ר' יוד אַװעק פֿון דאַנען!

דורכ'ן פֿענסטער האָב איך געזעהן װי מײַן האַנדליאַרזש

געהט אַרוים פֿון די הינטער־שטיגען מיט׳ן פֿולען זאַק אויף די פּלייצעס:

— ער געהט יעצט און דאַנקט גאָט פֿאַר דער מציאה, פֿאַר פּרנסה, פֿאַר אַזאַ גוטען מטוגענעם „דייטש" ווי איך. אוי, ר׳ יוד, ר׳ יוד!

---

נאָך האַלבען טאָג.

רעגען און שניי, שניי און רעגען. אוי, אוי ווי איך בין צעטרייטעלט. ווי אַלץ האָט זיך אין מיר צעזונגען. אַ שלעכטער סימן: „אַף בְּרִי אֱמֶת", אין דרויסען איז נאַס. בייגאַכט מוז מען ליפֿען. אַ מיידעלע מוז מען קיפֿען, און קיין פֿאַלטאָ איז שוין דאַ—נג ניטא! אַ סימן איז, אָט קלינגט דער גאָלדענער פֿינפֿערעל, אָט שאָרכען די פּאַפּירענע דריי־רובעל׳דיגעס. מילא, וועל איך אָנטהון דעם אַלטען זומער־מאַנטעל. איך האָב זעהר אַ ניעדעריגען צוקאָפּענס, ליעגט ער ביי מיר אונטערן מאַטראַץ. די אַרבעל קורץ און אויסגעריבען, נאָר ס׳מאַכט ניט אויס. קיין קאַלאָשען – אויך ניטאָ. וועט אַביסעל זיין פּייכטלעך, די לעכלעך אין די אָבצאַסען וועלען אונטערפּייפֿען, נאָר ס׳מאַכט ניט אויס... אַ נעכטיגער טאָג!

אַ—אַ, אַ נעכטיגער טאָג! — באַלד דערמאַן איך מיך אָן אַן׳אַלט ליעדעל. דאָס ליעדעל עסט זיך אין מיר איין ווי אַ קליפּה, זשומעט מיר אין די אויערען, וואו איך שטעה און געה, איך קען ניט זיצען, איך קען ניט ליעגען, דאָס ליעדעל קיצעלט מיך ביים שפּיץ צונג:

הערט אַ פּלוידער, אַ נעכטיגען טאָג,
אַ רוח אין אייער באַבען!
אויף דער לאָנקע קאָסען זיי
מיט די האַמערס־קראַבען...
אַ בוידעם, אַ בוידעם. אַ נעכטיגער טאָג,
חאַ—חאַ—חאַ, אַ בוידעם!

א הארמאניקע הויבט אן צו שפילען אונטען אין הויף. א קאליקע שפילט דארטען און בעטעלט. מיין בעל-הבית'טע שרייט הינטערן וואנד אויף דער דיענסט:

— מארינא, וואו ביזטו? מאך קאטלע—טען!

אהא, קאטלעטען ... און איך האב נאך פון אין דערפריה און גארנישט ניט געגעסען. אפילו טרינקען טיי האב איך פערגעסען.

איך עססען אויף דאס שאבטעלע סארדינען וואס איך האב נעכטען געקויפט אויף וועטשערע, שנייד אן ברויט און זעץ זיך אנידער קייען איבער'ן ג'וואלט. עס עסט זיך נישט. די האלז איז ענגער געווארען און שלינגט ניט. דאס עססען איז זויער און ניט געשמאק. האפ איך צוריק און פערוויקעל די סארדינען מיט דאס ברוידט אין פאפיער, עססען אויף היציג, ווי אין קדחות, די פארטקע און ווארף עס ארויס אין הויף. אפשר האט דאס עמיצען דער-לאנגט איבער'ן קאפ? מילא, וועט יענער קאפ דערלאנגען אויף מיר אין געריכט. יעווא פרע-יאס הא-די-טעלסט-וואו, וועט יענער שרייבען א פאפיער. דער E וועט זיין א גרויסהאנדינגער. א גע-צאצקעטער — ס'איז אינטערעסאנט, מיין עהרען ווארט; מען וועט ברענגען אהער די פאוויעסטקע: וואו איז דאס יענער און יענער, ער זאל מוחל זיין קומען אין געריכט אין אזא און אזא טאג אין דער פריה... „וואו יענער, וואס יענער ... מיט עטליכע טעג צוריק האט ער זיך דערשאסען". חא-חא ס'איז א פאקט!

און די נאכט איז נאך וויים (?), ווייט. א ציינד איז ערשט האלב איינס. אהין וועל איך ערשט קענען געהן זייגער-איינס ביינאכט. לכל הפחות—צוועלף א זייגער. שטעהען נאך פאר מיר עלף און א האלבע שעה. עלף און א האלבע שעה! זעכציג מינוטען אין א שעה, זעכציג סעקונדען אין א מינוט. א חשבון, א חשבון פון איינע און פיערציג טויזענד און פיער הונדערט סעקונדען. איינס נאך איינס, איינס נאך איינס ... דאס איז מורא'דיג. די גאנצע צייט זיצען אין צימער און קוקען אין הויף? קוקען אויף דער סטעליע! אומגעהן פון ווינקעל צו ווינקעל? דאס איז אזוי שווער ווי ארויף צו קלעטערען אין דער הויך אויף א דינעם, אנגעזייפטען שטריק, וועלכער האלט, לאמיך זאגען, איינע און פיערציג טויזענד אייל (?) די לענג ...

איך בין יעצט ווי א פליעג מיט אבגעריסענע פליגעלער

אויף אַ פּילקע. איך טוו קריכען און קריכען, די פּילקע איז אַזוי קליין און פונדעסטוועגען אַזוי אונענדליך. — אַרויסגעהן שפּאַצירען אָהן אַ בגד קען איך ניט. אַלע זאָלען אויף מיר קוקען? נײן, נײן: אָט ביינאַכט—יאָ.

איז מיר אָבער איינגעפאַלען אַ משונה'דיגע אידעע: אומגעהן פּאַמעליך פון ווינקעל צו ווינקעל. אַ טראָט אַ סעקונדע, אַ טראָט אַ סעקונדע, און אַזוי ביז איינע און פיערציג טויזענד. ס'איז אַ פּראָסטער חשבון. און די גאַנצע צייט—ווי אין וואַסער! —

איך ווייס גאַנץ גוט, אַז איך האָב אַצינד ניט און האָב קיינמאָל ניט געהאַט אַזוי פיעל געדולד און כח, פונדעסטוועגען הויב איך דאָס אָן זעהר ערנסט. מיט סעריאָזע טריט מעסט איך דעם צימער פון וואַנד צו וואַנד, קלאַפּ ענערגיש מיט די אָבצאַסען, כדי צו פערטומלען מיינע אויפגערייצטע נערווען און צעהל מיט פערקריצטע ציין: איינס, צוויי, דריי... צעהען... דרייסיג... פופציג... הונדערט...

איך בין נאָך ניט דערגאַנגען ביז פינף הונדערט און דער קאָפּ דרעהט זיך שוין. דער טיש הוידעט זיך. די ווענט שווינדלען, די ציפערען פערדרעהען זיך און בלייבען העננגען ווי שטיקער בליי, דריקען אין מוח. די נערווען זענען מנצח די אידעע. איך פערשטעה גאָרנישט, איך וויל גאָרנישט... איך דערגעה ביז'ן בעט, וועלכע איז נאָך ניט אויפגעראָמט, וואַרף זיך אַריין אין דער דעקע, פערמאַך די אויגען און ברום מיט אַ געמאַכטען שכור'ן קול:

ס'האָבען אויפען שווועל געטאַנצט
זיבען פאָרליך פליגען;
האָבען זיי דערזעהן אַ שפּין
און געבליבען ליגען...
אַ בוירעם, אַ בוירעם, אַ נעכטיגער טאָג,
האַ-חאַ-חאַ אַ בוירעם!

— מאַ—אַרינע, וואו ביזטו! די קאָטלעטען ווערען פערברענט!

— אהאַ, וויטער קאָטלעטען. דאָ ליגט אַ בחור אָהן קאַראָשען, אָהן אַ פּאַלטאָ מיט אַ רעוואָלווער אין קעשענע מיט... מיט

קאָפּ ווערטאָג, און זי ווילט זיך גאָר קאָטלעטען! קאָטלע-עטען, נאָך אַמאָל: קאָטלע-עטען... אַרוה אין זייער טאַטענס-טאַטינן אַריין!

---

## אין אַ פּאָר שעה אַרום.

געוואַלגערט זיך אין בעט. געפיהלט אַלץ ווי דורך אַ רויך אַצונד ווייטער אויפגעשטאַנען, ווייטער פערקעמט די האָר, די מאַרינאַרקע אין פעדערען אַ מחיה. איך האָב אָנגעקלאַפּט, געבעטען טיי, האָט מען מיר דערלאַנגט האָב איך געזופּט. אַז מאַרינע האָט מיר דערלאַנגט די גלאָז, האָט זי אָנגעקוקט מיך, דערנאָך די לעדיגע וואַנד. זי האָט זיך אַ פּנים געוואונדערט וואָס די קליידער זענען ניטאָ. עס האָט איהר געפעהלט די ווייסע ליילעך אויפ'ן וואַנד.

— דער פאַן ציהט זיך אַרוים? האָט זי געפרעגט.

— ניין, מאַך איך, און די צונג פּלאָנטערט זיך מיר, ס'הייסט... אפשר—יאָ. איך קען ניט וויסען, ווילע... ניין, איך ציה מיך ניט אַרוים... אַז מען זאָגט ניין... איז ניין! און אין אַלגעמיין — איהר וואָלט בעסער אויפגעראָמט דאָס צימער...

— מאַרינאַ, קוויטשעט אין קיך די בעל-הבית'טע, מאַרי-נאַ!

דער קאָפּ טהוט אַזוי וועה, נאָך שטאַרקער ווי פריהער. האָב איך גענומען קוקען פון פענסטער אין הויף אַריין: דעם סטרושס ברוין הינטעל דרעהט זיך אין מיטען הויף: דער איז זיך שטאַרק משתדל חאַפּען זיין אייגענעם וויידעל מיט די ציין און קען ניט... בילט ער. אַ בלענות פון אַ הונד! — אַ גראָהער רויך קרייזעלט זיך פון אַ הויכען פאַבריק-קוימען, הויבט זיך לאַנגזאַם צום המורען הימעל און מישט זיך אויס מיט די וואָלקענס; ניט צו דערקענען וואו איז רויך און וואו איז וואָלקען. און ווידער אַמאָל נעהמט מיך אָן אַ גרויל, דערמאַנענדיג זיך ס'אַרא שטיק צייט איך האָב נאָך ביז צוועלף בײַנאַכט...

אָבער מען מוז דאָך עפּעס טהון. מען מוז. אָט שטעהט למשל, מיין טשעמאָדאַן. שוין לאַנג, לאַנג האָב איך אין איהם ניט אַריינגעקוקט.

געֶפֶענט דעם טשעמאָדאַן: העמדער, זאָקען, טיכלעך. דעם גרעסטען טייל האָב איך אָנגעקויפט ניט לאַנג, ווען ס'איז געוועזען אַביסעל געלד. דאָס איבעריגע געדענקט נאָך מיין מומע זעלדע, זי האָט דאָס נאָך מיר געשיקט אַ מתנה דורך פּאָסט, צוזאַמען מיט איינגעמאַכץ און האָניג־טייגלעך. אַ ווייבערשער קאָפּ! די איינגעמאַכץ האָט זיך דערוואַרעמט און אויסגערונען אין פּאַפּילקע. עד היום איז נאָך צו דערקענען פלעקען אויף די העמדער.

איך גראַבעל זיך טיפער אין טשעמאָדאַן: אָט איז די לעדיגע קאַקאָ־פּידעלע. אין דער פּידעלע היטען זיך ביי מיר עטליכע קליינינקייטען צום אַנדענקונג פון די קינדער־יאָהרען, אַזוינע טייערע יאָהרען זענען דאָס געוועזען, אַז מען דאַרף נאָך זיי בעהאַלטען אַנדענקונגען, מען זאָל אָן זיי חס־ושלום ניט פערגעסען. איך האָב אָבער אַלעמאָל ליעב געהאַט זכרונות און — קליינינקייטען, וועלכע רופען אַרוים זכרונות. — אָט איז נאָך מיין מילך־ציינדעל, מיין לעצט מילך־ציינדעל, וואָס איך האָב ניט אַוועקגעוואָרפען דער „מייזעלע" פאַר אַנ׳„אייזערנעם" און געלאָזען ביי זיך. דאָס ציינדעל האָט נאָך געקייט די קיכעלעך און די קוגעלעך מיט ראָזינקעס, וואָס מיין דיקע שטיפמוטער פלעגט מאַכען. דער טאַטע האָט דאָך מיך מיט די קוגעלעך געטרייסט... נאָך נחמה׳ן — וואו איז זי יעצט די דיקע קוגעל־מאַכערין? מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט מיר דער פעטער געשריבען, אַז זי האָט חתונה געהאַט פאַר אַ דריטען מאַן און איז געוואָרען נאָך דיקער ווי געווען. „ממש, זי קאָן שוין אין טיהר ניט אַריין."

אָט זענען די פאַרביגע גלעזלעך. אַ גאַנצע קאָלעקציע. איך האָב דאָס אַלץ אין די קינדער־יאָהרען געזאַמעלט. פאַר די בעסטע קנעפּלעך געקויפט, געצאָהלט הויכע „פּרייזען. מיט „יונישע", „פּאַלטאַצען" און „גלעטשיקעס"... מיט די דאָזיגע גלעזלעך, פלעג איך מיר בעשאַפען מיינע וועלטעלעך. בלאָהע וועלטעלעך. גרינע, רויטע און שוואַרצע: וועלכע איך האָב נאָר געוואָלט. אין אַ ליכטיגען טאָג איז דאָס געוועזען אַזוי גרינג און אַזוי גוט. אַלע קינדער האָבען זיך געשפּיעלט אויף דער זון; איך אָבער בין צו זיי קיינמאָל ניט צוגעשטאַנען. איך פלעג נאָר צורוקען מיין בענקעלע צום אָפענעם פענסטער און קוקען דורך די גלעזלעך אין דער ליכטיגער וועלט אַריין. און די וועלט פלעגט בעקומען יענעם קאָליר, וועל־

בער ס'האט זיך מיר פערגלוסט. אזוי פלעג איך מיר בעשאפען „וועלטעלעך", וועלכע האבען געהערט נאר צו מיר, נאר מיר. אין מיינע וועלטעלעך זענען געווען רויטע בלומען אין ראזיגע הימלען, א שווארצליכע זון און בלאהע הייזער און געלע מענשען. אז מיר האט זיך פערוואלט, פלעגט אפילו די קאץ אין שטוב ווערען גרין אדער רויט. דער טאטע געהט פארביי: א גרינער טאטע: א בלאהער טאטע. ווי לעבערליך עס האט אויסגעזעהן מיין שטיפמוטער אז איך האב געוואלט. הא-הא אגעלע שטיפמוטער, א געלע!

און אט איז נאך עפעס — דאס איז א ווייס שטיקעל ארץ-ישראל ערד. אין מיינע קינדער-יאהרען האב איך זיך איינמאל דערוואוסט, אז אזא מין ערד לעגט מען צוקאפענס ביי איטליכען מת. האב איך זיך ניט בערוהיגט, ביז איך האב דערטאפט אזא שטיקעל ערד ביי יענקלי-גנב. אזא „יענקלי" איז דאס געווען. דעם שמש'ס פון חברה-קדישא — אנ'איינקעל. אלע מיינע קעשענעס האט ער דאן אויסגעלעדיגט — דאס גנב'ל. איך אליין האב ניט געוואוסט אויף וואס טויג מיר דאס ווייס שטיקעל-ערד, וואס איז עהנליך צו קרייד, נאר הארטער. אבער עפעס א משונה'דיגע ליידענשאפט האב איך צו דעם געפיהלט. דאס שטיקעל ערד איז געווען פערסודעט. דאס האט עפעס גערעדט. אפטמאל פלעגען פון דעם ארויסקוקען יונה-לייטער'ס טוידטע אויגען... זיינע אויגען האב איך גוט געזעהן, בשעת מען האט איהם מטהר געווען. — איך האב זיך מיט דאס שטיקעל ערד ארומגעטראגען א היבש ביסעל צייט. שטענדיג און אומעדום פלעג איך זיך מיט דעם מתיחד זיין און שווייגען. אפילו בשעת'ן לערנען פלעג איך זיך אפטמאל ניט איינהאלטען, האפען אויף דעם בגנבה א קוק אונטער'ן טיש און פערגעסען וואו מען האלט... א צינד פערשטעה איך, אז דאס בלויז שטיקעל ערד, איז ביי מיר אין די קינדער-יאהרען געווען א מין יעצטיגער רעוואלווער, א ר ע וו א ל וו ע ר וו א ס ה א ט ז י ך נ א ך ד א ן נ י ט פ ע ר ק ע ר פ ע ר ט. דאס שטיקעל ערד פלעגט אין מיר דאן איפוועקען אזוינע שטימונגען, וועלכע זענען גאנץ עהנליך צו די שטימונגען, וואס דער רעוואלווער רופט ביי מיר ארויס איצנד. יענע זענען נאר געווען האטישער. אהן א געדאנק, אהן א שום ציעל...

איינמאל בשעת מיטאג-עסען האט מיין שטיפמוטער א פרעג

געטהון אין דער וועלט אריין, ניט ביי'ם טאטען, ניט ביי דער סטעליע:

— מיט וואס ס'ארא ווייסע שערבעל שפּילט ער זיך דאר־טען? ער לאזט דאס גאר פון האנד ניט. —

דער טאטע צעטראגען און פערדרעהט ווי תמיד, האט זיך געברענט מיט א הייסע קארטאפעל און נאכגעפרעגט זיין חלק:

— און טאקע, ווער שפּילט זיך דאס ביים טיש מיט שער־בלעך! וואס איז דאס עפעס פאר א ווייסע שערבלעך!

דאס איז... דאס איז ארץ־ישראל ערד, — האב איך קוים, קוים ארויסגעשעפּטשעט, געפיהלט זיך דערביי פונקט ווי מען וואלט מיך גוט אויסגעפּאטשט אדער געכאפּט ביי א גרויסע עברה, — דאס איז ניט... ניט איך, יענקל'ל גנב... האט געזאגט...

— ארץ ישראל ערד! האט זיך מיין שטיפמוטער אויפגע־האפּט פון איהר פוילקייט — זעה... פאר וועמען גרייטסטו דאס אן?

איך געדענק אז איך האב דאן אינגאנצען א שוידער גע־טהון. —

אצינד איז דאס ביי מיר ווידער אמאל אין די הענד. איך האב ארויסגענומען דעם רעוואלווער און צוגעגליכען! ווי קומט עס! דער רעוואלווער בליהט, דער רעוואלווער לעבט; דאס שטי־קעל ערד איז טוידט... פונדעסטוועגען זענען דאס נאהענטע ברידער...

איך האב דאס פאר'ל אנגעקוקט און געשמייכעלט. —

— פאר ס'מייזעל:

און איין ווינקעל ביי מיר אין צימער געפינט זיך א מייזענ־נארע, א קליין שווארץ לעכעל. אבער בייטאג קעהרט דארטען די וועלט... דארטען האב איך זיך געשטעלט אויף די קניע, אריינ־געווארפען דאס מילך־ציינדעל אין לאך אריין: „אט האסטו דיר דיינס צוריק". דערנאך האב איך אהינצו אריינגעווארפען די פּאר־ביגע גלעזלעך, איינס נאך איינס, איינס נאך איינס. דערנאך דאס בלייך שטיקעל ארץ־ישראל ערד. דערביי האב איך זיך געכאפּט פאר'ן קאפּ מיט ביידע הענד און אויפגעשטעלט זיך מיט'ן גאנצען וואוקס:

— אבער איך בין ניט נארמאל, בנאמנות, בנאמנות!

— און אז יא?

א מאך מיט'ן האנד און ווידער אויסגעצויגען זיך נעבען

מיטעמאָראַנטשיק, די פֿינגער האָבען געציטערט פֿון אַנשטרענגונג.

אָט איז דעם פֿעטער־חיים'ס בריעף. אַן אַלטער בריעף מיט שפּיציגע, פֿעטע אותיות. ר' חיים איז אַזאַ קפדן:

„.. איך האָב פֿון דיר געהערט שיינע מעשׂות, נאָר וואָס איז דאָ יאָס צו רעדען. דיין ביסעל געלט האָסטו צופּטר'ט און איצטער הונגערסט, ווי אַ הונד, נאָר ס'איז מיט דיר ניטאָ וואָס צו רעדען..."

און נאָך זיינער אַ בריעף:

„נו וואו איז דאָס דיין פּאַפּיר? דו שווייגסט אינטער. דו האָסט דאָך געזאָ'ט ווערען אַ גאַנצער אַפּטייקער! אַ סקאַרניאַק האָסטו ניט געוואָלט זיין, ניין. דאָס איז ניט נאָך דיין כּבֿוד נאָך. ס'פֿערשטעהט זיך. נאָר וואָס איז דאָ וואָס צו רעדען. אָט געה זעה, אַלטער דעם „הייזעריגענס" זון איז געקומען פֿון ניזני. אַמאָל פֿלעגט ער גנבֿ'ענען אוגערקעס אין אַלע געָרטנער. יעצט איז ער מאַקי גוט אויסגעריסען געוואָרען און מאַקי גוט אויסגעלערענט זיך סקאַרניאָצקערייַ און — פֿערדינט אַ קאַרבֿ. געקומען צופֿאָהרען אויסגעקליידעט ווי אַ מאָנאַרך, מיט געלע קאַמאַשען. פֿיין, נאָר מיט דיר איז דאָך ניטאָ וואָס צו רעדען..."

און נאָך אַ בריעף פֿון אַן'אַנדער פֿעטער:

„... דער עיקר איז זיין אַ „מענטש". לערען דיר און פֿיהר זיך ווי אַ „מענטש", נאָר ווי אַ „מענטש". און אַז דו וועסט זיין אַ „מענטש" איז שוין עפּעס אַנדערש. קען מען קומען צווישען „מענטשען", אַלע „מענטשען, זענען מקרבֿ. מען קען, זאָג איך דיר, זיין אַ פּראָוויזאָר און זיין אַ „מענטש". און אַז דו וועסט ניט זיין קיין „מענטש" איז נאָר ניִשט ..."

און נאָך אַ בריעף, פֿון אַ מומען, „איך שיק דיר, שרייבט זי מיר, אַן אַרבע־כּנפֿות שיק איך דיר. טראָג עס געזונטערהייד און שרייב אָטקריטקעס..."

— פֿערברענען!

די עטליכע בריעף האָב איך צוזאַמענגעקנייטשט אין האַנד און אָנגעצונדען מיט אַ שוועבעלע אויף דער פּאָדלאָגע. קליינע העלישע צינגלעך, אַ בלאָהליך דין רויכעל, אַ לייבטעס קנאַקען. די צעקנייטשטע בלעטלעך פֿלאַטערען אינ'ם פֿייער, דרעהען זיך ווי אין קאָנוואולסען. זיי מוז אַ פּנים גוט וועה טהון. — דער אָב־

טײַן פֿון קלײַן פֿלאַקערעל ציטערט שװאַך אױף דער נאָהענטער װאַנד. און ס'ליִעגט שױן אַש. שװאַרצע אַש.

אַלטע פֿערשימעלטע ברעקלעך... װאָס ליִעגט עס דאָרטען אין פֿינסטערען װינקעל פֿון טשעמאָדאַן? אַנ'אָבגעקראָכען זעקעלע. דאָס איז מײַן תּפילין־זעקעלע. איך עפֿען אױף און נעהם פֿון דאָרטען אַרױס די תּפילין. זײ זענען בעדעקט מיט גרינעם שימעל. עס שלאָגט פֿון זײ מיט אַ װילגאָטש. כמעט — מיט אַ קברים־ריח. — אַ טאָגערער, קרײַנקליבער „פּרײַס״ שלעפּט דינע פּיסלעך, קריכט אַרױס אױפֿ'ן „של ראש״, טאַפּט שװאַך דעם פּיער־קעפּעלדיגען שין מיט זײַנע בלײַכע פֿיהל־הערנער, שלאָגט זיך אָב אָן מײַן װאַריִען פֿינגער, דערשרעקט זיך, אַנטלױפֿט און פֿאַלט פֿון בהילות אַראָב אױף דער ערד. — די תּפילין האָט מיר דער פֿעטער חיים געקױפֿט אַז איך בין געװאָרען בר־מצוה. פֿאַר צװײ יאָהרען, אַז איך בין צו איהם געפֿאָהרען אױף פּסח האָב איך זײ געלופֿטערט, געשמירט די רצועות מיט עהל — זײ זאָלען גלאַנצען...

דער רױך פֿון די פֿערברענטע בריעף איז זיך שױן צעגאַנגען איבער'ן גאַנצען צימער. איך האָב איהם אַרײַנגעאָטהעמט צוזאַמען מיט די װילגאָטש און שימעל פֿון די תּפילין. ס'איז מיר ניט גוט געװאָרען. דער קאָפּ האָט גענומען דרעהען. אָט, אָט פֿאַל איך אין חלשות. האָב איך געחאַפּט, אַרײַנגעװאָרפֿען די תּפילין צוריק אין טשעמאָדאַן אַרײַן און אױסגעצױגען זיך אין בעט. — אין די אַש פֿון די בריעף האָבען נאָך אַלץ אַרומגעטאַנצט רױטע פֿונקעלעך. זײ האָבען עפּעס אונטערגעװאָונקען. און די רצועות פֿון די תּפילין זענען געבליבען הענגען פֿון טשעמאָדאַן אַרױס אױף דער ערד, װי טױדטע עקען פֿון שװאַרצע שלאַנגען; אַזױנע דינע און לאַנגע און גיפּטיגע...

און גראַדע דאָ קומט אַרײַן די דינסט. אַפּילו ניט אָנגעקלאַפּט אין טיהר. עס לאָזט זיך פֿון איהר הערען מיט צו געברענטע פֿלײַש.

— װאָס איז?

— אױפֿראָמען דאָס צימער.

---

— קוים מיט צרות פּטור געװאָרען פֿון דער דינסט; פֿון איהר און פֿון דעם בעזים. — דוקא בשעת דער בעזים האָט אַזױ

חוצפה'דיג געקראַצט די פּאָרלאָנגע און געשטויבט מיר אין פּנים אַריין, האָט מיר עפּעס אָנגעהויבען קלאָר צו ווערען; פּונקט ווי די זון האָט אַריינגעשיינט אין מיין פערנעבעלט'ן מוח. נאָר אַ בי־סעל צו היים איז דאָס שיינען. דער קאָפּ האָט זיך אויך צובראָכען. —

פונדעסטוועגען אַז מארינא האָט אויפגעראָמט און געהאַל־טען ביים אַרויסגעהן, האָב איך איהר געמאַכט אַ דאַנקבאַר געזיכט און אַ פראַגע געטהון:

— דאָס האָט איהר אויפגעראָמט — פאַר מיר!

— יאָ, פּאַני.

— ניין נים פאַר מיר.

— ווי, פּאַני?

— ... נאָר איך דאַנק אייך זעהר וואָס איהר האָט אַזוי רײן געמאַכט.

איך האָב געמיינט מיין טוידטען קערפּער היינט ביינאַכט... און זי האָט געמיינט, אַז איך לאַך פון איהר אויפראָמען; איז זי אַרויס אַביסעל פערוואונדערט, אַביסעל ברוגז'דיג. איך האָב גע־וואַרט ביז זי וועט אַריין אין קיך. דאַן האָב איך גלייך פערשלאָ־סען די טיהר און אַרומגעבונדען זיך דעם קאָפּ מיט אַ נאַסען האַנ־טוך. איך בייט דעם האַנטוך אַלע מינוט און בענים דעם נאַקען מיט קאַלט וואַסער. עס ווערט קיהלער. דער מוח איז פעהיגער צו בעטראַכטען דאָס, וואָס האָט ביי מיר פריהער געזאָלט קלאָר ווערען און דער בעזים האָט געשטערט. — שטעה! איך מוז צוריק געפינען אַלע פעדים... איך געה שוין אום ביי אַ האַלבע שעה איבער'ן צימער און קלער, און לאַך פאַר זיך, שטיל־וינקער־היד, אַז קיינער זאָל נים הערען:

... נו, אויב אַרום מיר זענען טאַקי נים קיין פערמאַסקירטע שדים, ווי איך האָב אַ מאָל געמיינט זענען דאָס מוראַשקעס. ביי־נען אין אַ גרעסערען פאָרמאַט, מיט מענשישע פנים'ער... אַלע מוזען גאַנצענע טעג טראָגען אויף זיך עפּעס אַ יאָך, טומלען זיך, קינדלען, לייגען אויף וואָס די וועלט שטעהט. דער עיקר איז: נאָר נים בלייבען מיט זיך אַליין! — אַז מען בלייבט מיט זיך אַליין — מוז מען קומען צום ריינעם אמת. דער אמת פון אַלע אמת'ן איז — שטאַרבען. ביזט געבליבען אַליין און שטאַרבסט נים מיט'ן גוטען ווילען — צעטרעטען דיך די איבעריגע מוראַשקעס. זיי ווע־

לען דיך שוין צעטרעטען... זיי האבען פיינט איינזאמע, אבגעזונדערטע: ביסטו א קראפט זענען מיר דיינע משרתים; ביסטו א קעניג — זענען מיר דיינע קנעכט און קעניג אויף אונז! אבער וואס הייסט עפעס זיין פאר זיך אליין, קיניגען אויף זיך אליין! — די וועלט האט אלעמאל איהרע איינזאמע געברענט, געהאנגען, געפייניגט אין תפיסה, פערטריבען. פערהאסט, געטייטעלט אויף זיי מיט די פינגער. פראסט גערעדט, האט דאס אלעמאל געהייסען און הייסט יעצט אויך: שטארב שוין גיכער, שטארב שוין גיכער. פלאנטער זיך ניט צווישען די פיס! מיר מוראשקעס לעבען, מיר מוראשקעס געהען, מיר געהען...

נו, אט בין איך אצינד אויך געקומען צום אמת, צום ריינעם אמת. וואלט איך נאך אויף זיך געהאט, ווי איך האב מירקינגען געזאגט, א שענע שאלעכין, וואלט איך געווען שען, קרעפטיג, ליעבליך, וואלט מיין בלוט געווען א ביסעלע רויטער און אביסעלע זיסער — וואלט איך נאך אפטהון דעם לעצטען שקר און ווערען א „דאן-זואן”, ביז... נו, ביז איך וואלט די שאלעכין אויסגעצען, פערשווענדען, אז א שריר ופליט זאל ניט בלייבען — האב איך דאס ניט — בלייב איך ביי מיין אמת... איך וואלט אבער צו איהם סיי ווי סיי געקומען.

דערווייליגע וואס ווען, האב איך זיך „געפלאנטערט” צווישען די פיס. טהו איך אבער יעצט די מענשען די גרעסטע העפליכקייט און... דערשיס זיך, אי העפליך, אי פערשפארט א טרחה... — איך אליין בין דער בעשולדיגטער, אליין דער ריכטער; אליין די תפיסה און אליין דער תלין...

זעהר שען! וועלען אבער אי״ה קומען אנדערע אזוי ווי איך, וועלען זיך פלאנטערען צווישען די געהענדע, אזוי לאנג אזוי בריים, ביז זיי וועלען זיך אויך אבטראגען... אבער צעהן אזעלכע זעלבסטמערדער, הונדערט, טויזענד אזעלכע, אפילו צעהן-טויזענד — פלאנטערען זיך, פלאנטערען און פערפלאנטערען גארנישט... אז מען דערזעהט אזא קערפער פון דערווייטענס נעהמט מען זיך אביסעלע אנ׳א זייט און מען בענעצט זיך די וואנצעס מיט שמעק וואסער. — אנדערע געהען אריבער איבער אזא קערפער און ווינצלען זיך. זיי האבען פאר קיין זאך קיין מורא ניט. זיי זענען שוין געווינט. איידער זיי נעהען ארויס פון דערהיים בעשפריצען זיי אלע-

מאָל מיט קאַרבאָל די אָבצאַסען און די הויזען. — אנדערע בע־מערקען אונז גאָרניט. — קוקען אַלעמאָל אין די שטערן, זעהען גאָלדענע קאַטשקעס אין דער צוקונפט...

מיר, פערשטעהסטו מיך, מיר—חאַ—חאַ, מיר דאַרפען יערען הונדערטער טויזענדער, מיליאָנען, צעהנדליגער מיליאָנען, וועט עס ביי מענשען ווערען בעסערער וועלען זיי זיך דערשרעקען, וועלען זיי האָטש אָנהייבען קלערען, אַז מען דאַרף לעבען אַנ־דערש אָדער שטאַרבען אַנדערש... אַי, האָבען מענשען מורא אַז עס איז שיטער, אַי האָבען מענשען ליעב אַז עס זאָל זיין געדיכט... פאַר וואָס האָבען מענשען אַזוי מורא פאַר ניט געלונגענע פריה־ורביה? פאַר וואָס שעמען זיך אַזוי עקרות? פאַר וואָס שעפ־צעט מען זיך אַזוי אין דער אַנשטענדיגער אייראָפאַ וועגען אַ לאַנד, וואו די בעפעלקערונג האָט זיך אויף עטליכע פראָצענט פערקלע־נערט ווי אַ מאָל, ווי אין פראַנקרייך, למשל! פאַר וואָס שטעלט מען דאָס אויף איהר אָן אַזעלכע כשר'ע פיסקעלעך, אַזעלכע דיפּלאָמאַטישע אויגעלעך, אַזעלכע צנוע'דיגע מינעלעך, אַ?! איין כלל: וואָס מעהרער, וואָס מעהרער... איין חשבון: אַז מעהר פראָדוקטען איז מעהר מענשען, אַז מעהר מענשען איז מעהר טומעל. און וואָס מעהר טומעל—איז מעהר געקינדעלט. און וואָס מעהר געקינדעלט—איז מעהר מענשען; ווי אין פרק שטעהט... און ס'איז קיין סוף ניטאָ און ס'איז קיין תכלית ניטאָ און ס'איז קיין געדאַנק ניטאָ... שאַ, גוט! די מענשהייט האָט זיך שוין פערגרע־סערט אויף ביליאָנען, אויף גאַנצע טריליאָנען, פערפלייצט... נו, איז וואָס? איז וואָס דער תכלית? וואָס איז פון דעם פערבעסערט געוואָרען! וואָס האָט דאָס דערוויזען? פערשטעהסט צי ניין? וואָס איז דער תכלית דערפון? אַ: דער קאָפּ טהוט וועה; ס'שאַדט ניט. אויף דעם איז דאָ ביי אונז אַ שיסעל מיט קאַלט וואַסער. נעהמט מען און מען מוקט זיך אָב ביז דער פאַטיליצע, אָט אַזוי... קיהל? כ'האָב דאָך געזאָגט אַז ס'וועט ווערען קיהלער... הער—סטו, אָט דאָס טענה איך דאָך! גיט. אַ סך מענשען. זעהר אַ סך... פיין! וואָלטען דאָס אָבער געוועזען מענשען, גאַנצע נשמות, גאַנצע פערוועגליכקייטען, לעבעדיגע קונסט־ווערק פון דער נאַטור און פון מענשען־גייסט, רוזיגע שמעטערלינגען—פערשכורטע פון זונען־שיין און פון געדאַנקען, פון דער וועלט־שענקייט און פון אַי־

גענער פראַכט... איז נאָך צו פערשטעהן; איז, מילא, לעבט חברה. צוויי פּיסיגע! פרעסט, זויפט, נואף׳ט. זינגט, קאָקעטירט, ריַסט זיך ביַ די נעז... ס׳איז אָבער שדים וויסען וואָס! אַ? אָט זעה איך זי. אָט פאָהרט זי די געטין פון לעבען איבער דער ערד... איך זעה זי: אַ טעמפּעס געזיכט, ווי פון ליים גע־קנאָטען: אונבעוועגליכע אויגען, מוטנע. פערלאָפענע מיט רויטע תאוה־אָדערלעך און מיט רציחה... עס שלאָגט פון איהר מיט בערוישענדע, גיפטיגע בשמים... זי פאָהרט אויף אײַזערנע, שווע־רע רעדער. ווי אַנ׳אָבגעטין אין אַ בראַהמאַנישען בית־המקדש... פון בויך אַרויס ברומט זי: „פרו ורבו!“ און מיט די צײַנער קריצט זי: הרגעט, ווערגט, פערשקלאַפט! — אַליין קינדעלט זי אָ־ן אַנ׳אויפהער. עס שיט פון איהר מיט מענשען און מענשעלעך.. און מיט איהרע אײַזערנע רעדער מוזיק׳ט זי די זעלבע מענשען, איהרע אייגענע מענשען... שניַידט הענד און פיס, פערבלוטיגט הערצער, צעקרימט נשמות, צעטרעט געפיהלען, מאַכט אַש פון האָפנונגען און פאָהרט וויַטער — וויַטער דאָס זעלבע... און די צעטראָטענע הויבען זיך נאָך אויף מיט די לעצטע כחות, דולע פון וואונדען און שכּורע פון איהרע גיפטיגע בשמים — פויזען זיי אויף אַלע פיער און קושען דאָס שטויב וואו „זי“ איז אַרורכ־געפאָהרען אויף איהרע אײַזערנע רעדער... אָה! פונקט דאָס זעל־בע טהוען די האַלב־טוידטע בראַהמאַנישע פאַנאַטיקער. נאָכדעם ווי די שטיינערנע אָבגעטין איז איבער זיי אַריבערגעפאָהרען... דאָס זעלבע האָב איך שעור, שעור ניט געטהון נעכטען, ביַ העניען אײדער ער איז אַריַינגעקומען, ער מיט די לאַנגע האָר...

איך זעה זי, אָט פאָהרט זי די אַלטע פערבלוטיגטע זונה, די ערד ציטערט אונטער איהרע שווערע רעדער, דער וועלט־רוים ברילט פון איהר ווילדע העצעריַי: קינדעלט, קינדעלט!.. און... חאַ־חאַ־חאַ! איך לאַך? וואָס איז דאָ צו לאַכען? — איך לאַך מעהר ניט פון דעם: אַז דו טרעטסט — צעטרעט שוין אין גאַנ־צען. ניין... דאָס טהוט זי ניט. זי מאַכט נאָר פאַר קאַליקעס און פאָהרט וויַטער. — לויפען אָן די כלי־קדש, די געזעלשאַפט מיט איהרע כהנים, מיט איהר פּאָליציַי, מיט איהר יושר, מיט איהר רחמנות... אָט דאַן זענען אַלע דאָ... נאָר מען וויַיסט, מען וויַיסט... דאָס שיקט „זי“ זיי אַלעמען אונטער: „זי“! — זיי קומען

און הײלען די צעטראָטענע מיט אַזאַ כּגריאַז געזיבט, פּונקט ווי מען וואָלט אויף אַנ׳אמת געקענט הײלען מיט אַזױנע קרעפּטעלעך, מיט אַזעלכע לעבלעכע געפֿיהלען... אַפֿילו די שׂונאים ווערען מיט אַ מאָל גוטע פֿרײַנד און העלפֿען איבערבינדען די וואונדען. עפּעס אַ קלײניגקײט אַ קאַליקע! — נו, „פֿערהײלט דיך? אָבגעזעגט דיר אַ פֿוס מיט אַ האַלבער נשמה? אָבגעהיט דיר דײַנע גאַנץ־געבליבענע אברים און ברעקלעך געפֿיהלען — מיט עטליכע דינים? יעצט נאַ דיר אַ פּאָר קוליעס אַ נדבה, און הינקע דיר געזונטערהײד איבער דער ברײטער, וויסטער וועלט. קוש דאָס שטויב וואו „זי״ איז אַדורכגעפֿאָהרען, ליעב זי, וועט זי דיך אויך ליעב האָבען...

און אַזוי ווערט די וועלט פֿון טאָג צו טאָג פֿולער מיט קאַליקעס, מיט טויגעניכצען, מיט אומגליקליכע — ניט געלעבט ניט געשטאָרבען. מען הינקעט און מען געהט. אַבי מען געהט. אַבי וואָס מעהר... כּדי וואָס? כּדי די פֿעלקער זאָלען זיך קענען בערימען מיט זייער סטאַטיסטיק... ס׳געהערט? מען קען משוגע ווערען!... העלפֿאַנטען שטאַרבען אויס, מאַמאָנטען זענען שוין לאַנג אויסגעשטאָרבען, לײבען ווערען פֿון יאָהר צו יאָהר ווייניגער: פֿון זשיראַפֿען איז שוין באַלד קײן זכר ניטאָ... און דעם צעבראָכענעם, פֿערפֿוילטען מענשען־אַנטיקעל היט מען אָב און מען פּישעלט זיך און מען פּרובּטפּערט זיך... ס׳געהערט? נײן! אפשר מײנען זיי מיט דעם אויסגעוויינען זײער שקר מיט אַזאַ מעהרהײט? שטעה! יאָ, יאָ, ס׳איז אַזוי! זיי ווילען מיט זייערע מענגעס לעבערינגע שקרים דערשטיקען אונזער אמת, א ו נ ז ע ר ע ן! דער אמת׳ער אמת זענען מיר, מיר זעלבסטמערדער, מ י ר! און זיי ווילען דערווײַזען: נאַט, זעהט, וויפֿיעל מיר זענען און וויפֿיעל זיי זענען! אחרי רבים להטות! — עס וועט זיי אָבער ניט העלפֿען. זיי אַלע קענען אַפֿילו צעפּלאַצט ווערען לעבענדיג, וועט ניט העלפֿען... עס געהט אַ טאָג, עס געהט... די אײנזאַמע ווערען פֿון טאָג צו טאָג מעהרער, די פֿאָדערונגען ווערען טיעפֿער, דער קוק—לענגער. דער מוח ווערט גרעסער, די פּיסלעך — דינער... שאָקעלט מען זיך ביז מען קומט צו א ו נ ז ע ר אמת... יאָ, יאָ, איך זעה שוין ווי עס האָגעלט מיט טוידטען... עס רעגענט מיט זעלבסט־מערדער, עס מבול׳ט... מען וועט אונז שוין מעהר ניט קענען אויסמײַדען, אַוועקגעהן אָנ׳אַ זייט, קוקען אין די שטערען

און ניט בעמערקען אונז, טרעטען איבער אונזערע קערפּער און וויצלען זיך ... מיר וועלען ווערען אַ קראַפֿט, אַ מורא'דיגע קראַפֿט... אויס פּלאָנטערען זיך צווישען די פֿיס! פֿיס וועלען זיך שוין פּלאָנטערען צווישען אונז... מיר וועלען בעפֿיילען דאָס לעבען מיט אונזער איינזאַמקייט, מיר וועלען אָבשטעלען אַלע שטרעמונגען מיט אונזער טוידט-שטראָם. אַלע בעוועגונגען מיט אונזערע בערג קערפּערס. מיר וועלען פֿערשטאָפּען אַלע קוואַלען, מיר וועלען פֿערטאָרמאָזירען דעם פּראָגרעס, מיר — חאַ-חאַ — וואָס פּראָגרעס, ווען פּראָגרעס? מיר זענען דער פּראָגרעס פֿון אַלע פּראָגרעסען. מיר! מיר! חאַ-חאַ... פֿערשטעהסט צי ניין? מיר! חאַ-חאַ. נו, אָט לאַך איך. מען קען מיינען אז איך בין טאַקע משוגע געוואָרען. האַ? מען קלאַפּט אין טיהר? ווער קלאַפּט?

— מאַרינאַ.

— וואָס איז?

— כ'האָב פֿערגעסען צונעהמען די לעדיגע גלאָז פֿון טיש.

— שפּעטער.

— שוין צייט צו געהן עסען מיטאָג.

— איך בין ניט געזונד.

— הערט... פֿאַר וואָס האָט איהר געלאַכט?

— איך? אַח, דאָס?... מאַרינאַ, אַ היי איז אָראָבגעפֿאַלען פֿון אַ וואָגען גוי. מיין איך... אַ גוי איז אַראָבגעפֿאַלען פֿון אַ וואָגען היי. —



# קאַפּיטעל אַבט.

12 א זייגער בײַ נאַכט.

עֶס איִז שוֹין גֶעקוּמֶען .. סוֹף כּל סוֹף איִז גֶעקוּמֶען די שעה, אויף וועלכֶער איך האָבּ גֶעוואַרט אין אַזוינֶע לַאנגזאַמֶע יסורים. צײַט צוּ גֶעהן.

אַהין, אַהין, אַהין ... אַצוּנד בּין איך זיכֶער, אַז ס'וועט נֶעהמֶען אַ סוֹף היינט בּײַנאַכט. — פריהֶער, אַז איך בּין אוּמגֶעגאַנגֶען מיט'ן נאַסֶען האַנטוּך איבֶּער'ן צימֶער און פילאָזאָפירט, בּין איך ניט גֶעוועֶן אַזוי זיכֶער. ס'איז אַלֶעמאָל בּעקוועֶמֶער צוּ פילאָזאָפירֶען איידֶער מאַכֶען פוּן דער פילאָזאָפיע אַ פאַקט. — אַז מען פאָהרט איינֶער אַליין אין אַ אוּמבֶּעקאַנטֶע גֶעגֶענד גליִסט זיך אָפטמאָל מיט אַזאַ וועהטאָג און בּענקֶעניש, אַז די נסיעה זאָל דויערֶען און דויערֶען און די גֶעגֶענד זאָל אַלץ זײַן פאָראויס ... אָבּער דער צוּג שטעלט זיך אָבּ: די בּרוּמֶערײַ פוּן די רעֶדער גֶעהט אויס מיט אַ קרעכֶץ, קאַלט גיִעט אַ קוויטש דער טאָרמאַז, דער קאָנדוּקטאָר שרײַט אויס די סטאַנציע ... עֶס העֶלפט ניט. נעֶהם די פעֶקלעך און גֶעה!

ס'ווערט אַ בּיסעל קאַלט אין רוּקֶען. — האַ? פרעֶגט מען איבּער, האָטש מען האָט גוּט גֶעהערט, דאָ דאַרף איך אַראָבּגֶעהן? — דאָ, דאָ. דער בּילעֶט איז גֶעעֶנדיגט.

שוין בּאַלד מעֶהר אַלס אַ חדש צײַט, אַז איך בּינד צוּזאַמעֶן אַלע עֶקעֶן אויף איין פינטעֶל און פערקניפּעֶל זיי אין איין טוידט־קניפּעֶל. מײַנע אַלע לעֶבּעֶנס־וועֶגעֶן האָבּ איך בּפיון פערשלאָסעֶן ... נאָר איין־איינציגע סטעֶגעֶלע האָבּ איך זיך איבּערגעֶלאָזעֶן. אַשטאָלעֶ, אַ פינסטעֶרע, כּדי איך זאָל זיך ניט קעֶנעֶן אָבקעֶהרעֶן אָנ'אַ זײַט, אַז מײַן רצון וועט מיט אַמאָל אָבגעֶשוואַכט ווערעֶן, אַז מײַן עֶנטשליסוּנג וועט זיך אַ שאָקעֶל טהון. האָבּ איך אויף זיך נאָך פריהעֶר בּעֶשטעֶלט עֶטליכע בּייזעֶ משגיחים: הוּנגעֶר, עֶלעֶנד און נויט: זיי זעֶנעֶן אַזוינעֶ פינקטליכע און שטרעֶנגעֶ. זיי שטעֶהעֶן שוין מיר אויפ'ן קאַרק מיט אָנגעֶגליהטעֶ ריטעֶר. זיי שמײַסעֶן און בּעֶ־

פֿעַהלֶען: געַה, געַה... ווײַטעֶר, מעֶהרעֶר! ניִט רעֶכֿטס! ניִט לִינקס! גלײַך אין שאַנד-הײַזעֶל!...

בכיון — אָבגעֶזאָגט זיִך פֿון די לעֶקציעֶס, צוריִסעֶן זיִך מיִט מיִרקיִנעֶן, אָבגעֶטאָן העֶניעֶן אַ געֶמײַנהײַט, פֿעֶרקויפֿט אַלין וואָס איִך האָב געֶהאַט, געֶבליִבעֶן גאָלעֶ, נאָר איִך און דעֶר אמת זעֶנעֶן מיִר איִבעֶר-געֶבליִבעֶן; איִך און דעֶר רעֶוואָלווער... דאָס אײנציִגעֶ שטעֶנגעֶלעֶ וואו איִך קעֶן נאָך געֶהן איִז אויך אַזוי קורץ און קאַרג. נאָר צו יעֶנעֶר רויטעֶר-לאַמטעֶרנעֶ פֿיִהרט עֶס. די לאַמטעֶרנעֶ וויִנקט שוין פֿון דעֶרווײַטעֶנס און וואַרט אויף מיִר. איִך פֿיִהל שוין איִהר רויטעֶן אָבשײַן דאָ בײַ זיִך איִן ציִמעֶר... און ווי נאָר איִך וועֶל אַ דורכֿגעַהן יעֶנס פֿעֶרשאָלטעֶן הויז איִז דאָס שטעֶנגעֶלעֶ געֶעֶנדיִגט. שוואַרצעֶ ריִזיִגעֶ ווענד, פֿײַכֿטעֶ און גליִטשיִגעֶ וואַקסעֶן אויס אַרום מיִר. נאָך איין טראָט — און איִך פֿאַל פלוצלונג טיִעף, טיִעף, איִן אַ פֿיִנסטעֶרעֶן קאַלטעֶן אָבגרונד... דאָס לעֶבעֶן רוישט שוין ווײַט. ווײַט היִנטעֶר די ווענד. קײן בעֶשעֶפֿעֶניִש קעֶן מיִך שוין מעֶהר ניִט אַרויסשלעֶפּעֶן פֿון דאָרטעֶן... וואָס מיִר דאַן די מעֶנשיִשעֶ געֶשיִכֿטעֶ, די צוקונפֿט פֿון דעֶר גאַנצעֶר וועֶלט? איִך ביִן דאָס דאַן אַליין...

אַהיִן געַה איִך, אַהיִן... וואו איִז דאָס מײַן זומעֶר-מאַנטעֶל?

אַהאַ, יאָ; עֶר ליִעגט בײַ מיִר צוקאָפּעֶנס. אַרויסגעֶנומעֶן. עֶר איִז צעֶקנײטשט, זעֶהט אויס ווי אַ פֿײַכֿטעֶ העֶמד נאָכֿן באָד. נאָר ס'שאַדט ניִט. אַ טרײסעֶל, אַ ציִה דאָ און דאָרטעֶן און אָנגעֶטהון. — נײן, צוליִעב וואָס וואַרפֿעֶן זיִך אַלעֶמעֶן איִן די אויגעֶן? — אויסגעֶטהון, בעֶשפּריִצט מיִט אַ ביִסעֶל וואַסעֶר. אַרומגעֶוויִקעֶלט אַרום אַ שטאָק און געֶוואַלגעֶרט אַ היִבשעֶ ווײַלעֶ איִבעֶר'ן טיִש ווי אַ לאָקשעֶן בלעֶטעֶל. יאָ, עֶר האָט זיִך כמעט ווי אויסגעֶגלײַכֿט. אַזוי ביִסטו אַ מעֶנש! אָנגעֶטהון: דעֶם רעֶוואָלווער איִבעֶר-געֶלעַגט איִן אויבעֶר-קעֶשעֶנעֶ כדי איִך זאָל איִהם קעֶנעֶן דריִקעֶן מיִט'ן האַנד געֶהעֶנדיִג. האַ-האַ ווי גלאַט! זײַן ניִקעֶל איִז אָנגעֶוואַרעֶמט פֿון מײַן פֿוס. די רונדעֶ קעֶפּלעֶך פֿון די קוילעֶן שטעֶקעֶן אַביִסעֶלעֶ אַרויס פֿון דעֶר קאָלבעֶנראָד, ווי די קעֶצעֶלעֶך, ווי די קעֶצעֶלעֶך...

צוועֶלף דעֶר זײגעֶר, צוועֶלף! דעֶר שטאָדט-גלאָק שלאָגט שוין אויך צוועֶלף. בײַנאַכֿט קליִנגט עֶר מיִט אַזוי פֿיִעל כינה און אַזוי דומפּ. עֶר בעֶשטעֶטיִגט, דאַכֿט מיִר, מײַן פּסק-דיִן מיִט

אַ קאַלטבלוטיגקייט פֿון אַ געניטען — דיכֿטער, אַ פּקח...

---

3 אַ ווינטער בײַנאַכט.

מיט אַ האַלבע שעה צוריק האָב איך זיך פֿון דאָרטען אומגעקעהרט.

אַז איך בין אַרויס פֿון שטוב און געלאָזען זיך געהן צו דער „רויטער לאַמטערנע”, האָב איך דערפֿיהלט, אַז די קניע ברעכֿען זיך מיר אונטער. אַ מיסטישער שרעק, אַ גרויסער ווי די נאַכֿט, האָט מיך דורכֿגענומען דורך און דורך צוזאַמען מיט די קעלט און נאַסקייט. אויסער דעם — מײַן צעקנייטשטער זומער מאַנטעל, די אויסגעריבענע שיך אָהן קאַלאָשען, דאָס שוואַכֿקייט אין די האַלז־מוסקולען, די דראָשקעס וועלכֿע לויפֿען, קלאַפּען אין קאָפּ אַרײַן און שפּריצען מיט בלאָטע, נאָך אַגאַנצען מעת־לעת פֿון אײַנזאַמקייט און שטילקייט אין צימער. — דאָס אַלץ האָט מיר אַזוי מאָדנע אויסגעוויזען, פּונקט ווי איך וואָלט לאַנג־לאַנג קראַנק געוועזען און געוואַלגערט זיך איינער אַליין אין אַ פֿרעמדער שטאָדט; אַלץ וואָס איך האָב געהאַט — פֿערקרייִנקט, פֿער־משכּונ'ט. און אַצונד, קוים־קוים וואָס איך האַלט מיך נאָך אויף די פֿיס, בין איך שוין אַרויס אויפֿ'ן גאַס... אַ נ'איינזאַמער, אַבלייבער געה איך עפּעס זוכֿען אין דער פֿרעמדער שטאָדט, אין דער פֿרעמדער נאַכֿט... אָבער די נאַכֿט ווייס פֿון גאָרנישט, און די שטאָדט וויל פֿון גאָרנישט וויסען: זי רוישט...

די אָנגעצונדענע גאַז־לאַמטערנעס האָבען געברענט אין נעבעל געלע, געשוואָלענע. זייער טריבער אָבשײַן האָט זיך פֿויל בעוועגט אויף די נאַסע טראָטואַרען און געשמייכֿעלט צעקרימט און אָבגעלעבט, אָהן ציין... אויפֿ'ן ראָג פֿון גאַס, צו מיר מיט'ן אָנגעפּעלצטען רוקען, איז געשטאַנען דער נאַכֿט־שומר מיט ברייט פֿערנאַנדערגעשטעלטע פֿיס; שטום ווי אַ גולם אויפֿען גאָרטען, בשעת קיין ווינד איז ניטאָ. בײַם געלען גאַז־אָבשײַן האָט פֿון זײַן סיגאַרעטענעס רעגען־מאַנטעל געקאַפּעט מיט מוטנע טראָפּענס.

— עס וויינען די בוימער און שאָקלען זיך נאַקעטע, חאַפּ זיך ניט אויף מײַן געליבטער... האַ? וואָס איז דאָס? — בראַנ־פֿען, בראָנפֿען!

די רעסטאָראַנען זענען שוין געווען געשלאָסען, בין איך אַוועק צום וואָקזאַל וואו דער בופֿעט איז אָפֿען אַ גאַנצע נאַכט.

אַרום בופֿעט פֿון דריטען קלאַס האָט זיך געלאָזט הערען מיט משונה׳דיגע ריחות: מיט מאַהאָרקע־רויך, מיט איבערגעקאָכטע בראָנפֿען, מיט ווילגאָטש, מיט פֿויערישע שעפּסענע טולופּען און מיט פֿערזויערט קלייען־ברויט אין בלאָטיגע טאָרבעס. און אַ הו־האַ איז געשטאַנען אַרום: זידלערייען פֿון שכּורע זעלנער, אַ נערוועזע פּײַפֿערײַ פֿון קאָנדוקטאָרען, שווערע זיפֿצען פֿון לאָקאָמאָטיווען, אַ רייבעניש פֿון פּעקלעך און קאַסטענס איבער דער צעמענטענער פּאָדלאָגע. אויסגעשרייען פֿון פֿערשלאָפֿענע טרעגער. — די ריחות און געפּילדער האָבען זיך געמישט אין קאָפּ. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די ריחות שרייען און די אויסגעשרייען עפּוש׳ן.

איך האָב מיך אַרייַנגעשטופּט אין דעם דאָזיגען גיהנום׳ל, זעלבער איז פֿאַר מיר געשטאַנען, ווי אַ קליין בעלויכטען וויספּערלע זינ׳ס אונגעדליכען ים נאַכט און פֿינסטערניש, און ניט קוקענדיג אויף קיינעם בין איך גלייך צוגעגאַנגען צום בופֿעט:

— בראָנפֿען... שטאַרקע...

דער קעלנער האָט אויף מיר קרום אַ קיק געטהון. מיין זומער־מאַנטעל האָט איהם, ווי עס ווייזט אויס, ניט צופֿריעדען געשטעלט. ניט רעדענדיג קיין וואָרט, האָט ער מיר אָנגעגאָסען אַ גלעזעלע און „קעלנעריש" אַ קוק געטהון אויף דער סטעליע. — איך האָב עס גלייך איינגעשלונגען און פֿערהוסט זיך ווי אַ מענש, וואָס איז ניט געוואָהנט צו „טרינקען".

— נאָך!

ווידער אַמאָל אָנגעגאָסען דאָס גלעזעל. די איז אַראָב ווי אויף פּוטער. די האַלז האָט זיך נערוועז ניט צוזאַמענגעצויגען.

— אַ גרעסער גלעזעל! — האָב איך גראָבליך אַ זאָג געטהון, כּלומר׳שט — ווי אַנ׳אמת׳ער טרינקער.

— אַ גרעסער גלעזעל? האָט דער קעלנער איבערגעפֿרעגט מיט אָפֿענעם חשד, אַ גרעסער גלעזעל קאָסט פֿינף־און־צוואַנציג קאָפּיקעס.

— גיעב, גיעב! האָב איך גיפֿטיג־שטיל בעפֿאָהלען.

איך האָב שוין ניט געצעהלט די גלעזלעך בראָנפֿען און

שטיקלעך אונגערקץ אין הערינג מיט וואָס איך האָב פֿערביסען.
נאָר דער קעלנער האָט שוין גוט געקוקט. אַלע רגע פֿערצײַכענט
מיט קרײַד אויף אַ שוואַרץ ברעטעל. אין די אויגען האָט שוין גע־
נומען אַביסעל שווינדלען. „ווער ווייס?" האָב איך מיר געקלערט
און געטרונקען, „אפֿשר מאַלט ער דאָס גאָר טוירטע שאַרבענס;
ווי איך...

„טרינקסטו ביער נאָך בראָנפֿען — ביסטו פֿאַרטיג", די
תורה האָב איך געהערט פֿון געניטע פּיאַקעס.

— אַ פֿלאַש ביער!

זעה! עס שטעהט שוין אַ גרינע פֿלאַש און אַ גלאָז! אויסגע־
יאַקסען פֿון טיש און שטעהען. אָנגעגאָסען און געטרונקען, אָנגע־
גאָסען און געטרונקען. דער קאָפּ איז פֿול געוואָרען מיט הייסע פּאַ־
רע, די פֿיס — מיט קאַלטעס בלײַ. אַז מען וואָלט מיך אַ יואָרף
טהון אין ד'רערד וואָלט איך אויפֿגעשטאַנען פֿון זיך אַליין חי אַ
„יאַנקאַ - ווסטאַנקאַ". האָפּ! און אויפֿגעשטאַנען...

— אָט! — האָב איך דעם קעלנער דערלאַנגט אַ גאָלדענע
מטבע. דער חשד איז ביי יענעם גלײַך פֿערשוואונדען געוואָרען פֿון
די אונרוהיגע אויגלעך. רעשט האָט ער מיר שוין דערלאַנגט
מיט אַ שמייכעלע. איך האָב דאָס רעשט אַראָבגעלאָזען אין קעשע־
נע ניט געצעהלטערהייט. באַלד אָבער האָב איך זיך אַ חאַפּ גע־
טהון און זיך אומגעקוקט: בעדאַרפֿט צעהלען, בעדאַרפֿט צעה־
לען... זעהסט? ער קוקט טאַקע. איך זעה איהם עפּיס אויס ניט
אַזוי... ווער קען ניט די קעלנערס אויף די וואָקזאַלען! זשאַנדאַר־
מען זענען דאָ גענוג...

האָב איך זיך גלײַך געמאַכט ווי איך נעהם אַרויס דאָס
רעשט צוריק. איך האָב אַרויסגענומען גאָר אַנדער געלט:

— אַזוי. אײַנס, צוויי... פֿופֿציג. האַ? ריכטיג. מערסי,
מערסי!

אַז איך בין שוין געשטאַנען בײַם אַרויסגאַנג, האָט ערגעץ
וואו אַ לאָקאָמאָטיוו אַ פֿײַף געטהון אַזוי פֿערביינקט און יאָמערדיג.
דאָס האָט ער מיך גערופֿען. איך ווייס...

איך האָב זיך אָבגעשטעלט. אין דעם קעלנער אינגאַנצען
פֿערגעסען.

— אַז איך וויל, האָב איך מיר געטראַכט און געפֿינטעלט

מִיט שבּוּרע אויגען, אַז איך וויל פֿאָהרען — איז געפֿאָהרען. געקויפֿט אַ בּילעט און געפֿאָהרען... געלט איז דאָ — אַסך געלט! אפילו צום פֿעטער חיים. האָ — האָ... פֿערשטעהסט צי נִין, שלמקע? אַז דו ווילסט! — הינטער דאָס שטעדטעל, דאָרטען... אַ סך פֿעלדער, אַ וואַלד. וואו מענשען, וואָס מענשען? ווערסט דאָרטען פֿערלאָרען. קומט זומער — גרין, אַלץ גרין. אַ ים... און דו בּיסט אַ קליינינקער, אַ שוואַרצינקער... אַ פֿליי אין גרינס. ווער זעהט דיך? אַ פּינטעל. — פֿליהט אַ זשוק: ז—ז—ז... סאַראַ פּאַראַד! קוקסטו! וואַקסט זיך אַ קליין גרעזעלע צווישען גראָזען... ווער דאַרף עס? אָבּער ס'גרעזעל דאַרף — וואַקסט עס. הערט פֿאַר אַ פּיאַטאַק, אַלעמען... וואַקסט. וואָס — פֿרעגען, דרעהען זיך אַ קאָפּ? — נעבּעכיגע טעג! אַלץ איז גרין... העע—חע, גרין, בּיסטו אויך גרין... יאָ'קענס לויפֿען — לויפֿען זיי... בּלוט לויפֿט אין די אָדערען. ס'אַלץ איינס. קוקסטו... קוקסט פּאַמעליך בּיז דו טריקענסט אויס... ניטאָ! ווי אַ טראָפּען אויף דער זון — ניטאָ. שטיל. וועמען פֿערזאָרגען? — גרין־גרין... אַלץ! ווער הייסט דיר ליעב האָבּען. פֿיינט האָבּען? קוקסט און שווייגסט. קלערסט זיך דיינס... וואָס דו ווילסט... וועמען אַרט? שווייגסט. — פֿאָהר, פֿאָהר...

— יאָ, איך הער, איך הער, האָט מִיט אַמאָל איבּערגעשלאָגען אַ צווייטער „איך", אַ בּייזער, אַ פֿערבּיטערטער, — פֿאָהרינקען! אַיאָ? ט'זיך פֿערוואָלט? און דער רעוואָלווער?...

פֿונרעסטוועגען בּין איך נאָך אַ ווײַלע געשטאַנען און געיאַרט: טאָטער וועט דער לאָקאָמאָטיוו נאָך אַמאָל אַרוף־טהון אַזוי פֿערבּענקט ווי מִיט אַ מינוט צוריק, טרעהרען זאָלען זיך פֿיהלען אין זיין פֿייפֿען. איך האָבּ זיך דערוואַרט... אַ שבּור'ער זעלנער האָט זיך אויסגעזידעלט אין דער מאַטען אַריין. כּתּם אַזוי; ער האָט זיך דערמאָנט.

— העי, מאַלטשי! — טי!.. האָט מַתְּרָה געווען אַ קול פֿון אַ זשאַנדאַר — און האָט זיך עפּיס ווי דעריואָרגען. אַ נס ויאָס ער האָט זיך אָבּגעשטעלט...

איך בּין בּאַלד אַרויס און גלייך אָבּגעהאַקט געוואָרען פֿון דאָס ליבּטיגקייט פֿונ'ם געדיכטען טומעל. די נאַכט אין דער נעבּיעל האָבּען מיך אַרומגעהאַפּט אַזוי צופֿרידען, קוים דערוואַרט זיך אויף

מיר ... וואָס איז? בענגלעמען .. אַ הין? מחוהנים! בּ'ווייס אַליין .. ווע, הייזער טאַנצען ... טאַנצט! ווערט צעזעצט טאַנצענדיג ... אַ שמחה! אַ בחור געהט צו אַ זונה ... אַ שמחה! שווער צו געהן, שוער, דער גאַנצער וואָקזאַל ליעגט אויף די פּלייצעס. מען קען גאָרניט פּטור ווערען. זעלנער און טאָרבעס ... אָהאָ סאַראַ ווינד... אַ ווינד בלאָזט ... ט'זיך צעבלאָזען, אַ העלד! מחיה געוועזן זיך. דער טאַפּט אַ זומער-מאַנטעל ... זיי אַ בריה אַז מען האָט אַ פּאַלטאָ ... מאַקע אַנ'אמת'ן, מיט אַ קאָלנער ... אַ באַראַשקענער קאָלנער ... קומט אַ האַנדליאַזש.— יעצט!..

דער ווינד איז אָבער געוועזן אַזוי קאַלט און האָט אַזוי געבלאָזען אין דינינקען קאָלנער, אַז איך האָב מיך אַלע ווײַלע גענייט אויפהאַפּען פּינ'ם שכרות-נעבעל און רייבען די פערפרוירענע האַלז מיט ביידע הענד.

— דו קענסט זיך נאָך פערקיהלען, האָט מיר עמיצער אַ שעפּצע געטהון, אַ שטילער, אַ פּערזאָנטער— בנאמנות דו קענסט זיך פערקיהלען.

— אַהאַ. פערקיהלען זיך? איז אויפגעשפּרונגען דער צווייטער „איך“ און פערקריצט מיט די ציין,— אַ מיתה משונה!.. אין דער רעוואָלווער?

איך בין געגאַנגען, רעדער האָבען געקלאַפּט. איין מלאכה האָבען זיי, רק געדרעהט זיך און רק געקלאַפּט. איין פערד האָט מיך שיעור ניט צעטראָטען. אַ הילדיגער „הי...“ פון אַ קוטשער אין אַ שאַרפער וועהטאָג אין פּלייצע האָבען מיך אָבגעטראָגען אַנ'אַזייט. ווי עס ווייזט אויס, האָט מיך דער קוטשער גוט מכבד געוועזן מיט'ן בייטש ... געמיינט ס'אַ שכּור—הע—הע ... אַ נאַר. וואָס הע-הע? וואָס אַ נאַר? אַ הוליגאַן, אַ בלוטזויגער... וואו שכּור? וואָס שכּור!

איך דאַרף זיך נאָר אַ קעהר טהון נעבען ראָג פון אָט דאָס קרום געסעלע — און די רויטע לאַמטערנע ווערט זיך אַפּענטשטעל בעוויזען, באַלד. נאָך אַ מינוט. אַי, איך זעה זי שוין... אָט איז זי... אָט!

דערזעהענדיג די רויטע לאַמטערנע אין דער הויך, אינ'ם געדיכטען נעבעל, בין איך אַ ווײַלע געבליבען שטעהן אַ דערשראָקענער, שוין ניט דאָס ערשטע מאָל זעה איך עס בײַנאַכט, ניט איינמאָל בין איך געגאַנגען אַרום-קוקען דעם אַריינגאַנג פון ה״י.

זעֶל. כּדי איִך זאָל ניִט בלאָנדזשען וועֶן איִך וועֶל דאַרפֿעֶן... פֿונ־דעֶסטוועֶגעֶן האָב איִך זיִך דעֶרשראָקעֶן, די רויטקייט פֿון דעֶר לאַמ־פּעֶרנעֶ איז געֶוועֶן אַזוי אימה'דיִג, אַזוי בייז, מיִט אַזאַ שלעֶכטעֶר בשורה איז עֶס געֶוועֶן צוגאָסעֶן אין נעֶבעֶל, ווי דעֶר אָפּשיין פֿון אַ שרפֿה אויף אַ פֿעֶרכמאַרעֶטעֶן הימעֶל אין מיִטעֶן דעֶר נאַכט: דאָס פֿעֶרוואָרפֿעֶן דעֶרפֿעֶל איז איינגעֶשלאָפֿעֶן, שטיִ־יִל. און עֶס ברעֶנט, עֶס ברעֶנט...

איך האָב זיִך אַזש אָנגעֶהויבעֶן אויסצוניכטעֶרעֶן. און שעֶ־מעֶנדיִג זיִך אַנטלויפֿעֶן, ביִן איִך סתּם אין דעֶר וועֶלט אַריין בייז געֶוואָרעֶן און אַ זעֶץ געֶטהון זיִך אַליין מיִט דעֶר פֿעֶרפֿראָרעֶנעֶר האַנד אין באַק־ביין:

— נאַ דיִר, שלעֶפּעֶר! האָסט ניִט געֶקעֶנט פֿאָהרעֶן אין אַ דראָשקעֶ? אַ שאָד זעֶכציִג גראָשעֶן, וואָס? שלעֶפּעֶר!

די פֿיִנסטעֶרניִש האָט אונטעֶר זיִך אונטעֶרגעֶדריִקט דאָס הויז ווי אַ שווערעֶ זיִנד. קאַלטעֶ טראָפּעֶנס האָבעֶן הייזעֶריִג געֶ־קלונגעֶן אין די בלעֶכעֶנעֶ ריִנעֶס - דאַך אַראָב. ווער שטאַרבט יעֶצט?.. ווי מטבעות אין פֿעֶרראָסטעֶטעֶ פּושקעֶס בשעת אַ לויה..., דזיִן־דראַן... צד־קה תציל ממות! — דאָס מיינט מעֶן מיִך. בּוויי־ם.

— דאָס הייזעֶל איז פֿון די עֶרגסטעֶ, האָט זיִך אין מיִר ווי־דעֶר אַמאָל אויפֿגעֶוועֶקט יעֶנעֶר העֶפֿליִכעֶר קול. ס'איז אַ סכּנה, מעֶן קעֶן זיִך אָנשטעֶקעֶן מיִט... מיִט שדים ווייסעֶן —

— אַה, אַ סכּנה?.. אָנשטעֶקעֶן? פֿעֶרדרעֶה דיִך דיין קאָפּ!.. און דעֶר רעֶוואָלווער?

איך האָב אָנגעֶקלונגעֶן.

די פּלוצליִכעֶ גאַז־בעֶלייכטונג אין „סאַלאָן" האָבעֶן אויף אַ ווײַלעֶ פֿעֶרבלעֶנדט. דעֶרנאָך האָבעֶן זיִך געֶנומעֶן צוזאַמעֶנגיסעֶן שטריכעֶן און פֿאָרמעֶן — ווי אין אַ בלאָהליכער פּאַרעֶ, און איִך האָב דעֶרזעֶהעֶן אַ סך מאָדנעֶ־אָנגעֶפּודעֶרטעֶ פּנימ'עֶר און אונטעֶר־געֶפֿאַרבטעֶ אויגעֶן, וואָס האָבעֶן אויף מיִר געֶקוקט ווי גרויסעֶ ליאַלקעֶס מיִט מעֶנשיִשעֶר, אָבגעֶלעֶבטעֶר חוצפּה...

אין פֿלוק האָב איִך דאָך דאָרטעֶן געֶזעֶהעֶן אַלעֶרליי ווייבעֶר־שעֶ געֶשטאַלטעֶן, אַלעֶרליי פֿאַרבעֶן און פֿאַסאָנעֶן פֿון קעֶפּ האָר: גאָלדליִכעֶ, שאַטעֶנעֶ, שוואַרצעֶ; צוויי־שטאָקיִגעֶ, רונדעֶ, געֶגריי־

יעלטע; בעלי־בתי׳שע צעפּ, מיט א שטעגעלע אין מיטען און גרי־בישע, געקינצעלטע... פונדעסטוועגען זענען דאָרטען אַלע פרויען געווען אַזוי ערנליך אײנס אויף דאָס צווייטע — „פּונקט ווי אײן מאַמע האָט זיי געהאַט": ערנליך מיט זייער אויסזעהן, מיט זייערע פאַרביגע קורצע קלײדלעך, מיט זייערע קינסטליכע ווייסקייט און ראָזיגקייט. און ס׳איז אונמעגליך געוועזן צו אונטערשיידען אפּני־שטעל בעזונדערע טיפּען, בעזונדערע אויסדרוקען. דאָס זעלבע טרעפט ווען מען דערזעהט צום ערשטען מאָל א גאַנצע קאָמפּאַניע נעגערס אָדער חינעזער...

אײגענטליך זענען דאָס דאָך געווען ווייבער, אַ? גלאַטע פּנים׳ער, ווייבער... פונדעסטוועגען זענען זייערע אַלעמעס געזיכ־טער געווען אַזוי פרעמד און אַזוי שרעקליך און אַזוי נײַ און ווילד און פערסוד׳עט... ס׳האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך בין אַ־ריינגעפאַלען צווישען מאָדנע ברואים אויף אַ צווייטע פּלאַנעטע, אָדער גאָר צווישען אַ חברה שדים פערמאַסקירטע ווי פרויען.

אויף ביידע זייטען פון שמאָלינקען, לאַנגען „סאַלאָן" זענען געווען אויסגעשטעלט ווייכע שטולען אין האַלבע סאָפּקעס, בעצוי־גענע מיט גרינעם און רויטען אויסגעריבענעם פּליוש. אויף דעם זענען געזעסען, אָדער האַלב־געלעגען, די ברואים מיט די ווייבער־שע געזיכטער, אײניגע פון זיי האָבען פעררייכט זייערע שיטערע האָר אין די אָבגעניצטע שפּיגלען און געגענעצט... אַנטקעגען מיר אין אַ ברייטען שטול איז טיעף געזעסען אײנע פון זיי אַ גרויסע, אַ געזונטע, אַ פּוילע, די פיס אויסגעשטרעקט און צעוואָרפען אין זעהר אַ פרייע פּאָזע. אַ פּאָר זעלנער האָבען זיך געדרעהט אַרום איהר, אונטערגעפּאַטשט איהר די דיקע ליטקעס, געקניפּען — וואו נאָר אַ ווייכער אָרט. יענע האָט נאָר געפינטעלט מיט די אויגען. אַז איך בין אַריין, האָבען די זעלנער אַ ווײַלע אויפגעהערט צו עוסק׳ן זיך מיט איהר און אַ קעהר געטהון צו מיר פערגרעבטע פּנים׳ער מיט פולטע מײַלער, בהמה׳שע, אָפענע; האָבען מיך אַ רגע אָנגעקוקט, צעלאַכט זיך אויפ׳ן קאַזאַרמע־שטייגער, מיט אַ „האָ—האָ—האָ" און צוריק גענומען זיך צו דער „אַרבייט".

כ׳האָב זיך דערשראָקען און צעטומעלט פון די אָנגעפּודער־טע פּרצוף־פּנים׳ער און פון׳ס זעלנערישען געלעכטער; כמעט ווי אויסגעניכטערט זיך. די פיס זענען מיט אַמאָל געוואָרען שטייפער

און געהאַלטען בײַ'ם אַנטלויפען ... נאָר כ'האָב גיך גענומען אויסווי־
בען מיט די אויגען עפּיס אַזוינס, און וואָס אָנצוהאַפען זיך און
בלײַבען דאָ. — איך האָב דערפיהלט, אַז אין עק סאַלאָן נעבען, ווי
רופט מען דאָס, „בופעט". שטעהט עפּיס אַ דאַר יונגער־מאַנטשיק,
אין אַ לאַנגע קאַפּאָטע מיט אַ היטעלע און קײַפט פּאַפּיראָסען.
„לאָמיך אויך קויפען פּאַפּיראָסען" האָב איך אַ טראַכט געטהון און
גלײַך צוגעגאַנגען צום בופעט.

ס'איז מיר אַ וואונדער: דער קאָפּ איז דאָך מיר געווען נאָך
אַזוי דול, פונדעסטוועגען האָב איך געפיהלט אַרום זיך אַלץ, ביז
דאָס מינדסטע ברעקעלע. פון אַלץ האָב איך געליטען. געשטאָ־
כען האָבען די פיסלעך פון די שטולען, די פאַרביגע קלײדלעך,
ס'האָט וועהגעטהון פון די צעפּ, פון די פודרע, פון די קוקעלעך,
וועלכע האָבען מיך בעגלייט צום בופעט. איך האָב אַ פּנים שוין
איבערגעזעהן אין מײַן זומער־פּאַלטאָ, און דער גאַז־בעלײַכטינג.

— וועלכע פּאַפּיראָסען? האָט מיך אונטערבראָכט אַ פרעג גע־
טהון אַ פעטער קול און גענומען איבערגעבען נעמען פון עטי־
קעטען.

— ס'אַלץ איינס, האָב איך געענטפערט דעם טיש, און אַ־
רויף געלעגט אויף איהם אַ פּאַפּירען דרײַערל.

אַ רויטע האַנד האָט מיר דערלאַנגט אַ שאַכטעלע פּאַפּיראָ־
סען, אַ האַנד פון אַ אשה — אַ פּשעקופּקע, אַ יאַטקע האַנד. פון
דער צווייטשטאָקיגער געמבע האָט טעמפּ אַרויסגעקוקט אַ פערדאָר־
בענע חיה. שטענדיג איז דאָס זאַט און שטענדיג פרעסט דאָס.
גאָלע שמאַלץ אָהן אָדערן, אָהן נערווען...

— די הויט שינדען זיי! בין איך פאַר זיך בייז געוואָרען,
ווען איך האָב איבערגעריסען די שאַכטעלע פּאַפּיראָסען און צוגענו־
מען צוויי רובל — רעשט, — פאַר איין צעהנדליג פּאַפּיראָסען...
ס'טײַט.

— און דער רעוואָלווער? איז ברוגז געוואָרען דער צווײ־
טער „איך".

— אַפּנים, איהר זענט ניט קיין היגער. — מאַכט צו מיר די
ווירטין, און דער פּנים איז בײַ איהר איבערגעשמירט געוואָרען מיט
צעגאַנגענע פוטער. דאָס האָט געהייסען אַז זי שמייכעלט.

— אומהו, כ׳בין אַ דורכפֿאָהרער. ס׳הײסט... יאָ איך פֿאָהר קײן אויסלאַנד.

— אַזוי... אין אויסלאַנד... האָט מיר יענע צוגעשאָקעלט.

— פאַני, פאַני, האָט זיך אָנגערופֿען אײנע פֿון יענע, האַלב ליִעגענדיג און געחנ׳דעלט, בת־יחידה דיג אויסגעשטרעקט די האַנד: גיב אַ פּאַפּיראָס!

— געה צו און נעהם! האָב איך גראָב אָבגעענטפֿערט און ערוואונדערט זיך אויף מײן שטײפֿקײט — אין אַזאַ אָרט.

יענע זיך צונויפגעפֿלויגען עטליכע פֿון זײ, אַרומגערינגעלט מיך און געבעטען:

— פאַני גיב מיר; מיר אויך; מיר פאַני; מיר אויך!

אַפֿענשטעל זענען אַלע פּאַפּיראָסען פֿערשוואונדען געוואָרען, און האַנד איז מיר איבערגעבליבען אַ לעדיגע שאַכטעלע.

דאַן האָב איך געקויפֿט אַ צװײטע שאַכטעלע און די איז אויך באַלד אויסגעלעדיגט געוואָרען. בלײכע פֿינגער מיט „מאָדערנע" פֿערשפּיצטע נעגעל האָבען געחאַפּט פֿון שאַכטעלע, און אָנגעפֿודערטע געזיכטער, פֿערוועלקטע, מידע האָבען חוצפּה׳דיג און קאַלט געשמײכעלט מיר אין פנים אַרײן, בעוויזען שלעכט־אַרײנגעשטעלטע צײן.

ווי באַלד איך האָב די מײדלעך געפֿונדעוועט מיט פּאַפּיראָסען, בין איך שוין געוואָרען אַ קאַנדידאַט צו זיצען אויף אַ ווײכען שטול.

— מען מעג, מען מעג זיך זעצען, האָב איך זיך אַלײן ערלויבט, אפילו אין זומער מאַנטעל־אויך.

האָב איך מיר אַנידערגעזעצט.

מײן אָנגעצונדענעם פּאַפּיראָס האָב איך געצויגען מיט׳ן גאַנצען כוח, מיט אַ געמאַכטען אַפּעטיט, כלומר׳שט צוגעחאַפּט זיך צו איהם ווי אַ שטאַרקער רויכערער נאָך הבדלה, געביסען די קאָרקע, געוואָלט זיך קיהלען, פֿון דעם, איז מיר נאָר געוואָרען פּאַסקודנע־ביטער אין האַלז, אויפֿען צונג. דער רויך האָט זיך אײנגעגעסען ווי גיפֿט אין די צערײצטע יאַשלעס, אין גומען, וועלכער איז געוועזען צעברענט פֿון בראָנפֿען. פֿונדעסטוועגען האָב איך גערויכערט אַלײן פֿלײסיגער און פֿלײסיגער, מיט דאָרשטיג אײנגעצויגענע באַקען, כמעט פֿערגעסען צוליב וואָס איך בין אַהער

געקומען; בגנבה צוגעקוקט זיך צו די משונה'דיגע בריאות, וועל־כע זענען געזעסען, געלעגען, געלאַכט אָהן אַ שום חשק, געריי־בערט מיינע פאַפּיראָסען:

— בנאמנות, אָט זיץ איך מיר אין אַ שאַנד־הייזעל, בנאמנות, אַז דער פעטער חיים וואָלט נאָר אָנגעקוקט... „וואו איז דיין דיפּלאָם! ווי אַז טאַקע... נתפּעל צו ווערען". —

ווי עס ווייזט אויס, האָט דאָס נאָך דאָ געהייסען „פּריה"־אויסער מיר און דעם בָּחור'עָץ אין קאַפּאָטע און די פּאָר זעלנער איז נאָך קיינער ניט געקומען. — איך האָב דערזעהן ווי דער קאַ־פּאָטניק האָט אַ נעהם־געטהון איינע פון זיי פאַר'ן אָרעם, וואו עס איז ווייכער, און אַ שלעפּ —

— נאַ גוטשע? האָט יענע גאַנץ קאָלטבלוטיג אַ פרעג געטהון, ווי מכּוֹח טרינקען אַ גלעזעל טיי.

— יאָ, האָט דער קאַפּאָטניק אַ שאָקעל געטהון מיט זיין היטעלע, און אַ שנעל איהר איבער די נאָז און מיטגעשלעפּט.

מיר איז פון דאָס סצענעלע געוואָרען שפּל, דאָס האַר'ן האָט זיך צוזאַמענגעפּרעסט פון ניט־גוטקייט. כ'האָב דערפיהלט, אַז באַלד קען איך אויסברעכען אַלץ וואָס איך האָב היינט אַריינ־געשלונגען.

— מען קען נאָך אַנטלויפען, אַנטלויפען...

— יאָ הא, אַנטלויפען! אוי סאַראַ מנול! דוקא היינט וועסטו איינע פון זיי נעהמען, דוקא היינטיגע נאַכט וועסטו — אַ טוידט! אויף צעפּוקעניש!

איך בין פּלוצלונג אויפגעשפּרונגען ווי אַ גומענע פּילקע און געטהון אַזאַך צו וואָס איך האָב מיך אפילו ניט צוגעגרייט.

— לאָזט־לאָזט! האָב איך שטאָלציג־בייז אַ זאָג געטהון און פערנאַנדער געשטופּט די זעלנער, וועלכע האָבען זיך נאָך אליין ניט געקענט אָבּרייסען פון דער דיקער.

די זעלנער זענען אָבגעטרעטען, ניט רעדענדיג קיין וואָרט.

— קום! האָב איך געזאָגט צו דער דיקער, וועלכע איז געזעסען פערזונקען אין שטול! דערביי האָב איך זעהר ענערגיש פערקנעפּעלט נאָך איין קנעפּעל אין פּאַלטאָ.

יענע האָט אויף מיר אויפגעהויבען אַ פּאָר פערוואונדערטע

אױגען, אָהן אַ שום געדאַנק. אױגען פֿון אַ בהמה, וואָס דאַרף באַלד אָנהױבען מעלה-גרה זײַן.

— קום! האָב איך שטאַרקער אַ זאָג געטהון און אָנגעהאַפּט אַנ'אָבגעלאָזענע, וואַרימע האַנד, נאָר גלײַך האָב איך דראָבנע אַ שױדער געטהון פֿון קאָפּ ביז די שפּיצען פֿיס און מעכאַניש אײַנגעלאָזען די צעשוואומענע האַנד, אַזאַ עקעל האָב איך דערשפּירט. ס'האָט זיך מיר אױסגעדאַכט אַז דאָס איז די שטיפֿמוטער...

— נו, געה, נו! — האָט איהר די ווירטין פֿון יענעם זײַט „בופֿעט" אונטערגעגעבען חשק.

די דיקע האָט שױן געוועזען אונצופֿרידען אָבגעקרעכצט, אָנגעשפּאַרט זיך אױף בײַדע הענד ווי אַ טראָגעדינע און געוואָלט אױפֿשטעהן, איך בין בלײַך געוואָרען און אָבגעטרײַסעלט מיט בײַדע הענד:

— נײַן, נײַן, ניט די, ניט די, איך בין — ניט די. —

און אָבגערוקט זיך אָנ'אַזײַט.

— האָ — האָ — האָ!.. האָבען זיך די זעלנער ווידער אַ מאָל צולאַכט אָהן אַ ברעקעל רעספּעקט. און מיט פֿערבױגטע פֿינגער צוגעטרעטען צוריק צו דער דיקער.

— נו קלײַבט אײַך אױס! — האָט מיר די בעל-הבית'טע אָנגעצה געגעבען פֿון בופֿעט ווי אַ מענש וואָס מײַנט נאָר מײַן טובה —, אױף וואָס דאַרפֿט איהר וואַרטען? —

קען מען זיך דאָך צעטומלען אַ? אָבער איך האָב שױן אין קעשענע געדריקט דעם רעוואָלווער און געשטאַנען פֿעסט און בײַז.

— איך ווײס, איך ווײס! האָב איך גופֿטינג-שטיל אָבגעענטפֿערט און מיט די אױגען ווילד אַרומגעבלאָנדזעט פֿון אײן אָנ'געפּודרעטע בריאה צו דער צווײטער.

אין אַ ווינקעלע האָב איך דערזעהן אַ קלײן בלײַך מײדעל: אַ רױט קאַפּטעלע, אַ שפּיציג נעזעל, אונטער די אױגען בלאָהע פֿלעקען, זיצט אײנע אַלײן, אָבגעזונדערט און שווײַגט. — איך האָב איהר אַ וואינק געגעבען מיט אײן פֿינגער. זי איז גלײַך צוגעגאַנגען און בלײַך אַ שמײכעל געטהון. אָבער איהרע גרינליכע אױגען זענען געבליבען קאַלט.

אױף די שמאָלינקע טרעפּלעך וועלכע פֿיהרען אױפֿען דריטען שטאָק, צו איהר צימער'ל, האָט זי זיך געהױבען די ער-

שטע און גאַנץ געלאַסען ווי אַ מענש וואָס האָט צייט. איך האָב זיך נאָך איהר נאָכגעשלעפּט, פערהיפּנאָזירט און געזעהן וואָס פאַראַ רחמנות׳דיג העלזעל זי האָט, וואָס פאַראַ דינע געטאָקטע פיסלען׳ און שווארצע אָנגעצויגענע זאָקען. — דאַכט זיך אַזאַ בלייך מיידעל, אַזאַ דין מיידעל מיט אַזאַ העלזעל, דארף זי ניט בלייבען שטעהן אין מיטען־דערינען אויף די שטינען און אַ קעהר טהון זיך צו מיר מיט אַ פערשלאָפענעם קול:

— אָבער דו ווייסט? אַ רובל. ניט וועניגער.

— וואָס? האָב איך זיך בעליידיגט... ס׳איז... אפשר וויל איך גאָר געבען דריי.

— נו גיעב.

און אַ מאָגער הענטעל מיט בלאָהע אָדערלעך האָט זיך צו מיר אונגלויבליג אראָבגעלאָזען. די פינגער האָבען זיך צונויפגעלעגט ווי אַ שיפעלע.

איך האָב געגעבען.

און ווידער עפּעס אַ רויט קאַפּטעל, אַ קורין קליידעל, אָנגעצויגענע זאָקען, און איך קלעטער מיט האַלב־אָפענע אויגען און שטיק זיך ווי אין אַ געדיכטען רויך. דריק דעם רעוואָלווער אין קעשענע און ברעקלעך געדאַנקען שפּרינגען אַרום אין פּוסטען קאָפּ:

— שטענדיג דיקע... אַ שטיפמוטער אַ דיקע, אַ „ווירטען״ אַ דיקע... חאָטש איינמאָל אַ דאַרינקע אַ דינינקע... איינמאָל. —

* * *

אַז איך בין מיט איהר געבליבען איינער אַליין, בין איך ווידער אָבהענגיג געוואָרען, גענומען פון צעטומלעניש קראַצען דאָס בלעטירעל אויף די נאָז. — נעבען מיר אויף אַ שטוהל איז געזעסען אַ אשה, טאַקע אַ אמת׳ע אשה, מיט אַ צעלאָזענעם צאָפּ; אַ רויט קאַפּטעלע, אַ קורין קליידעל... נאָר עס וואונדערט מיך, פאַר וואָס איז דאָס אַזוי! — פאַר וואָס ציטערט זי ניט! פאַר וואָס איז זי אַזוי קאַלט? מיר זענען דאָך יעצט ווי מאַן און ווייב, איינע אַליין! פאַר וואָס בליצען ביי איהר ניט די אויגען? אַ פּנים ס׳איז נאָר עקסטרע. ווייבערשע שפּיצלעך... כדי מאַכען מיך ליידענשאַפטליכער, פייערדיגער.

אָדער ... שטעה! אפשר איז זי גאָר קיין אשה ניט, דאָס ציִ־
מער — קיין צימער ניט, אַנאָנשטעל, אַ קאָמעדיע! דאָס אָנגע־
פּודרעט געזיכט, דאָס שפּיציג נעזעל זענען עפּעס... עפּעס ניט
אַזוי. —

כ'האָב געפּרובט אָנריהרען איהר שמאָלינקען נאַקען מיט די
שפּיצען פינגער, זעהען צי דאָס איז לייב.

— אוי, סאַראַ קאַלטע פינגער! האָט יענע אַ געשריי גע־
טהון און נערוועז פערקנייטשט זיך. זי איז געוואָרען אַזוי אַלט..

איך בין רויט געוואָרען און אָבגעקעהרט דעם קאָפּ.

— קעצעלע, מייערס מיינס.. האָט זי זיך פּלוצלונג צע־
צערטעלט און אָנגענומען מיך פאַר'ן פּלייצע. איך האָב איהר
אַ קוק געטהון גלייך אין פנים אַריין. איהרע אויגען זענען געווען
קאַלט און פרעמד ווי פריהער. דאַכט זיך אַזאַ קליינע, אַזאַ דאַ־
רינקע און קען אַזוי גוט די „מלאכה".

— וואָס איז! בין איך אויך קאַלט געוואָרען.

— טייערינקער, פונדעווע מיך מיט בראָנפען!

— און קאָניאַק איז דאָ?

— נאָך אַ מין — דאָ.

— אָט! האָב איך איהר דערלאַנגט דאָס גאַנצע גלעזל וואָס
איך האָב געהאַט אין קעשענע; — קאָניאַק, אַ רוח איז זיי ער
טאַטענס־טאַטען אַריין! האָב איך זיך פּלוצלונג צעהוליעט און אַראָב־
געריסען פון זיך דעם פייכטען זומער־מאַנטעל. ניט פאַרזיכטיג
אַראָבגעריסען: מיין רעוואָלווער וואָס איז אין איהם געלעגען, האָט
טעמפּ אַ קלאַפּ געטהון אָן שטול.

— וואָס איז דאָס דאָרטען ביי דיר! האָט זיך יענע אָבגע־
שטעלט און נייגעריג אויסגעצויגען דאָס העלזעל.

איך בין בלייך געוואָרען. מעהר פעהלט מיר ניט...

— גאָרנישט, אַלץ דאַרפסטו וויסען, ניין? דיר איז נאָך
ווייניג? דו פערשטעהסט? — גיכער, דעם בעסטען קאָניאַק.
פיינישען, שטאַרקען —

און כ'האָב איהר אַ שנעל געטהון איבער די נאָז. פּונקט ווי
דער בחור אין קאַפּאָטע, פריהער... נאָך בעסער ווי ער. זי האָט
זיך אַרויסגעמאַכט דורכ'ן טהיר און באַלד האָב איך דערהערט
ווי עס קלאַפּען איהרע גלעזע שיכלעך אַראָב די שטיגען. איך בין

גלײַך צוגעגאַנגען צום מאַנטעל, צונױפֿגעלעגט איהם אין אַ לאַנגליך פּעקעלע אַזוי, אַז דער רעוואָלווער זאָל זיך ניט פֿיהלען. פֿערוקט עס אין אַ ווינקעל. בערוהיגט זיך.

אין צימער האָט געברענט אַ געמײנע לעמפּעל אין אַ בלעכע און ס'האָבען געלאַכט פֿון די ווענד פֿערדעכטיגע, חצופּ'שע פּניט'ער פֿון נאַקעטע פֿרויען און מענער. בעזונדערס האָט מיך צערײצט אײן שמוציגער פּרצוף פֿון אַ נאַקעטען מאַנסביל מיט געגאָלטע וואָנצעס, קאָפּ און באָרד. ער האָט בעוויזען אַז ער האָט גרויסע פֿערדישע צײן ... און קוועלט, קוועלט מיט אַ ברײטען הפֿקר'דיגען מויל, אַזוי שטענדיג, שטענדיג ...

— מען געהט! — זי מיט אַ פֿלאַש קאָניאַק און מיט טרינק־„געצײג" אין די הענד איז שוין דאָ. „אוי מאַכט זי, ס'איז שווער". די לאַנגע קאָרקע האָט געמאַכט „מפּו": צעקושט זיך פֿאַר'ן צע־שײדען מיט דאָס פֿלעשעל... און צוויי באַקאַלען פֿול מיט אַ ברוי־נע פֿליסיגקײט שטעהען שוין אויסגעצויגען די לאַנגע העלזער און גלאַנצען. —

דאַכט זיך אַזאַ דאַרינקע, אַזאַ שפּיציג נעזעל ... געטרונקען האָט דאָס אָבער ווי אַ בריה. ווי אַ געניטע שכּורט'ע: גענומען דעם באָקאַל צו די ליפּען, קונציג פֿערוואָרפֿען דאָס קעפּעל אויף הינטען, מיט דער פּאַטיליצע אָנגעריהרט אַזש די ווענטעל פֿון שטול, און די שאַרפֿע משקה האָט זיך איהר אַרײַנגעגאָסען גלײַך אין האַלז אַרײַן, ביז'ן דעק, ווי דורך אַ טרײַבעל. דערבײַ פֿלעגט זי די צוויײטע האַנד אונטערשטעלען אונטער דער געמבע; טאָמער פֿערגיסט זיך. נאָכ'ן אויסטרינקען אַ שטעל די לעדיגע כּלי מיט אַ האַק אָן טיש, מיט אַ פּיבעריש'ען: „אַ־ההה"; אַ שוידער מיט בײדע פּלײצקעס, אַ וואָרטש עטוואָס פֿאַר זיך און ווײַטער אָנגע־גאָסען... געניט, מען קען ניט זאָגען! — און איך האָב געטרונ־קען, געחאַפּט, געלאַכט, געזוכט, געקרימט זיך; און דער קאָניאַק האָט זיך פֿערגאָסען אויף די קניע, אויפֿ'ן טיש, כ'האָב אַזוי לאַנג געטרונקען ביז ס'האָט זיך מיר גענומען דוכטען, אַז מײַן קאָפּ איז עפּעס אַ פֿרעמדער, אָנגעגליהטער קנויל פֿול מיט פֿאַרע. אָט, אָט פּלאַצט ער, וועט ווערען לײַכטער... דאָס האַרץ האָט אויפֿגעהערט קלעמען פֿאַר וועהטאָג און בושה. כ'האָב אויף איהר שפּור אַ קוק געטהון פֿון דער זײַט, און איהר דינער פּראָפּיל מיט

איהר אָבגעדעקט העלזועל האָבען מיר אָנגעהויבען געפֿעהלען צו ווערען. ס'האָט אין מיר געגומען געהערען אַ סענטימענטאַלע ווייכקייט, אַ טריבע שכור'ע רחמנות.

— אַזאַ לעבען געפֿעהלט דיר? — האָב איך זי ווייך אַ פֿרעג געטהון און פֿאַרזיכטיג אַרומגענומען איהרע פּלייצקעס. דינינקע פּלייצקעס.

— געפֿעהלט... פֿאַר וואָס ניט? האַ—חאַ. אַלע טאָג אַ נייער מאַן. פֿאַר וואָס ניט? —

— און די ווירטין ערלויבט אייך צו געהן אין טעאַטער? ס'איז דאָ טעאַטער — דו ווייסט?

און כ'האָב מיך צו איהר צוגעדריקט.

— טעאַטער? וועלכער טעאַטער? דאָ איז אויך פֿראַן אַזאַ זאַך, — אַ פּיאַנע, שפּיעלט מען, זאָשקע שפּיעלט, חאַ—חאַ—חאַ, זי קע—ען...

מיט שטומע, זודיגע ליפּען האָב איך זיך צוגעדריקט צו איהר אויפֿגעקנעפּעלטער ברוסט. אַ זוינע איינגעפֿאַלענע בריסטעלעך האָט זי געהאַט, אַזעלכע קליינע, נאַאיווע, אַז ס'האָט זיך געוואָלט וויינען.

— אַ סך מענשען האָבען דיך אַזוי געדריקט? אַ סך?.. פּאַסקודניקעס, אַ? ניט געקענט אַריבערטראָגען... דו, אַ? אַ סך?

— הער נאָר. גיעב נאָך... נאָך צוויי רובל, — האָט זי הייזעריג און שכור געלאַכט און געאָטהעמט אויף מיר מיט בראָנפֿען. דאַכט זיך אַזאַ מאָגערע. אַזאַ קליינע.

— פּונקט ווי יאַשע און העניע. ווי יאַשע און העניע... האָב איך געפּלאַפּעלט און געקושט זי אַלץ שטאַרקער און לענגער, — פֿערשטעהסט ניט... ווי זיי ביידע...

— יאַשקע! העניע? — נו, גיעב נאָך צוויי רובל. דו ביסט אַנ'אויפֿגעקלעהרטער... כ'וויים. אַזאַ איז אַ גוטער חאַ־חאַ. וואָס איז דיין פֿאַלטאָ! דאָרטען איז אַ סך... חאַ—חאַ—חאַ. פֿריהער האָט אַ קלאַפּ געטהון.

— מיר זענען ביידע אומגליקליכע... האָב איך געפּלאַפּעלט מיט ליידענשאַפֿטליכער רחמנות, כמעט מיט טרעהרען, — ביידע אומגליקליכע... ניין, וואָס? ביידע...

— נײַן, דו האָסט נאָך געלט אין קעשענע, אַלע געבילדע־
טע — חאַ—חאַ—חאַ... בעווײַז, בעווײַז אַלע קעשענעס... דעם
פּאַלטאָ אויך... דאָרטען איז זילבערנע רובלען... אַ גאַנצער פּעקע־
לע, כ'האָב געהערט, נו אײן רובל...

— דו פערקויפסט דײַן לײַב כדי צו שפּײַזען דײַן לײַב...
אומגליקליכע, און איך... גאָרנישט, אַלץ אײנס.

און אין מוח, ערגעץ אין אַ ווינקעל איז געזעסען: „ניט דאָס,
ניט דאָס דאַרף מען מיט איהר רעדען".

— ווע‍סט מיר קויפען אַ גאָלדען פינגערעל מיט אַ רובין ווי
בײַ זאָשקען... אַ רובין... רויט! וואָס? ווע‍סט דאָך קויפען... אַלע
געבילדעטע...

— איך זאָג דיר... דו פערשטעהסט ניט... מיר בײדע —
יי יאַשע און העניע. ער האָט אַ גאָלדענע רינג. דערלאַנגט ער
מיר די האַנד... איך — כ'וויל ניט! אָט ווי! פערשטעהסט!
נעהם מיך אַרום, טרינק נאָך, ס'גאַנצע פלעשעל. שטאַרקער נעהם
אַרום. דער פעטער חיים וועט גאָרנישט וויסען, גאָרנישט קײנ־
מאָל ניט.

אָנשטאָרט אַנ'ענטפער האָבען זיך בײַ מיר אַרײַנגעגנב'עט
צווײ שבורע הענטלעך אין די קעשענעס און דאָרטען געזוכט.
ס'האָט פון איהר געשלאָגען מיט ביליגע שמעק־וואַסער און מיט
קאָניאַק. דער פלאַם אין לעמפּעל האָט זיך אויפגעהויבען, געמוסען
רויכערען.

— — — — — — — — — — — — — —

— דאָס ערשטעס מאָל?

— וואָס? איך ווײס ניט... יאָ יאָ.

איך האָב אָנגעטהון דעם מאַנטעל מיט דערשראָקענע, משו־
נה'דיגע בעוועגונגען פון אַ מענשען, וועלכער בעמיהט זיך אַרויס־
צוקריכען פון אַ מיסט־גרוב, וואוהין ער איז אונגערען אַרײַנגע־
פאַלען. אויף מײַן הויט האָב איך נאָך געשפּירט די בעריהרונגען
פון איהר נאַקעטען לײַב. די דאָזיגע ערטער האָבען געברענט,
ווי זײ וואָלטען זיך אײַנגעשמירט אין זענעפט. און צימער איז
געווען פול מיט סאַזשע. דאָס לעמפּעל האָט געצאַנקט. „אַ נשמה

צאַנקט' — איז דורכגעלאָפֿען אַ מחשבה'לע. אין פֿענסטער האָט געפּאַטשט אַ נאַסער שניי.

שוין?

— וואָס? ניין, מער ניט. ניין. ניין.

אַז איך בין שוין געווען אויף די לעצטע שטיגען איז זי האַלב־נאַקעט אַראָבגעלאָפֿען פֿון הינטען, אַריינגעכאַפּט זיך אין „זאַל" פֿריהער פֿאַר מיר, און דאָרטען עפּעס אַ שעפּצע געטהון איהרע חבר'טעס. ס'האָבען מיך בעגעגענט אַ מאָדנער געלעכטער אין אַ שושקעריי: „דאָס ערשטעס מאָל, דאָס ערשטעס מאָל". אַ גליהענדיגע הרפה און אַ שרעקליכער עקעל האָבען מיך אויפגעהויבען ווי אַ כוואַליע און צוגעשטופּט צום מיִדר. דערפֿיהלט איך איין האַנד די מעשענע קליאַמקע פֿון „סאַלאָן", אַ קאַלטע קליאַמקע. הינטער מיר האָט מען געלאַכט, געשושקעט...

אונגעריכט האָט זיך מיר די לינקע האַנד אַריינגעכאַפּט אין קעשענע פֿון זומער־מאַנטעל... דער רעוואָלווער!!!

גלייך בין איך רוהיג געוואָרען; אַ קעהר געטהון דעם קאָפּ און נעקוקט זיי שאַרף, פֿון אונטער'ן שטערען, מיט אַ פֿערקיהלט שמייכעל אויף די ליפּען.

אַלע זענען זיי גלייך אַנטשוויגען געוואָרען.

— פּענטאַק, וואָס קוועלסטו? — האָט זיך איינע פֿון זיי בעלײדיגט.

— גאָרנישט! האָב איך געענטפֿערט און רוהיג אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

אַרויסגעגאַנגען.

---

נאָכדעם ווי איך בין אַ היבשע צייט געלעגען אין פֿערגעסעניש.

---

דער לאָמפּ ברענט נאָך אויפֿען טיש. די איינדרוקען פֿון דעם פֿערשאָלטענעם מעת־לעת זענען אַזוי פֿיעל און שאַרף, אַזוי פֿערמישט און שטעכעדיג. ס'דאַכט זיך מיר, אַז מיינע אויפגערייצטע געהירען זענען אַריינגעטהון אין אַ גאַנצען פּלאָנטער פֿון אייזערנע שטעכעלקעס. ווען ניט דער רעוואָלווער, מיין מייערער, ליעבער רעוואָלווער, וועלכער קוויקט מיך און מונטערט מיך אַלע

זומלע מיט זיין גלאַטקייט, מיט זיין ניקעלנעם שמייכעל, וואָלט איך געוויס אַראָב פון זינען, כ'וואָלט אויף זיך געריסען די קליידער, געלאָפען איבער די גאַסען און געשריען פון איבערלעבען וועהטאָג. מיין זכרון שווינדעלט אין מיר אַצונד לאַנגזאַם און מיעד ווי אַן אויסגעהענדרע ליכט. אָט הויבט זיך אויף מיין זכרון, גיעט אַ בליץ, שטעל איך מיר פאָר. געדענק איך... זינקט איין דער זכרון־פלאַם, וואַרף איך מיך אַריין אין בעט, ציה אויס הענד און פיס און ליעג ווי אין חלשות. אַלץ ווערדט טונקעל, אָבגעריבען און געהרט שיטער ווי אַנ'איבערגעוויערטע טייג. אָהן אַ געשטאַלט, אָהן ביינער.

אַז איך בין אַרויס פון „סאַלאָן" אויפען הויף, איז, ווי עס זייזט אויס, געווען קעלטער ווי פריהער. אַ שניי האָט געשמיסען אין פנים מיט ביינזאַמע, קאַלטע ריטער. אָבער איך האָב שוין די קעלט ניט געשפירט. די הויט האָט אויף מיר געברענט... און ביז איך בין אַריבער דעם הויף און צוגעגאַנגען צום טויער האָב איך מיך אַזוי אָבגעמאַטערט, אַז אין די אויגען איז געוואָרען גרין־גרין. — אין שאָטען פון טויער האָט אַרויסגעשטעקט אַ פלאַבעס שטיק אָבגעריבען אייזען, בין איך צו דעם צוגעפאַלען מיט'ן זודיגען שלייף און גאָרנישט געפיהלט... איך בין נאָר געוואָרען איין שטיק פינסטערניש מיט דעם פערשאָלטען הויז צוזאַמען. און דער פייכטער שניי איז געפאַלען און געפאַלען אויף דעם אלגעמיינעם שטיק חשך; ער האָט דאַכט זיך געוועבט אויף מיר און אַרום מיר אַ סך, אַ סך גראָהע, קלעפיגע פעדים. בעמיהט זיך צו צוועבען מיך צום טויער אויף אייביג, אויף אייביג... דער קאָפ־לעדיג און אָנגעגליהט ווי אַ טאָפ פון וועלכען דאָס וואַסער האָט שוין לאַנג אויסגעזאָדען. און ער שטעהט נאָך אויף די הייסע קוילען און גליהט. — די אויגען האָבען מיט טעמפע עקשנות געקוקט אויף דער רויטער לאַמטערנע, וואָס האָט זיך געשאָקעלט אין דער הויך אויף אַ שטאַנג עטליכע טריט פון מיר. איהר אָבשיין איז אומגעקראָכען הין און צוריק אויף דעם בלאָטיגען שנייטריעב געגלאַנצט און געראָיטעלט זיך ווי אַ גרויסער, זינדיגער פלעק.

און פלוצלונג — מען געהט. — איך האָב זיך גיך אויסגעגלייכט און געהאָרכט. ביי דעם רויטליכען, פאַנטאַסטישען אָבשיין

פון לאמטערנע האָבען אַ שווינדעל געטהון: א סטודענטען היטעל און נאָך עפּעס אַ קאָפּ. נאָך איין טראַט — און די שטריכען פון'ם צווייטען קאָפּ זענען קלאָר געוואָרען —

מירקין!!!

אַ שוידערליכע אימה איז מיך בעפאלען, אָנגעפילט מיין גאנצעס וועזען. דאָס איז געווען איינער פון די שרעקען, וועלכע מאַכען די האָר גראָה אין איין סעקונדע... אַ שרעק פון אַ נערוועזען פאַנאַטיקער. וועמען ס'האָט זיך מתבמה געווען אַ מת אין תכריכים, אין דער פינסטער... דער שרעק האָט מיך אָבגעטראָגען אויף הינטען און ווי מיט אַנ'אייזענער האַנד פערוקט הינטער'ן טהיר'ל פון טויער, וואָס איז נאָך געווען אָפען אין הויף אריין; געהייסען אייַנהאַלטען דעם אָטהעם, וואַרטען... דאָס הארץ האָט געקלאַפּט לאַנג און שווער; אָט, אָט דאַכט זיך, שטאַרבט דאָס אָב און גיעט מיט אַמאָל אַ קלאַפּ אַז ס'הויבט אָן קלינגען אין די אויערען. כ'האָב אַליין ניט פערשטאַנען פאַר וואָס האָב איך זיך אַזוי דערשראָקען, פאַר וואָס האָב איך מיך אַזוי גנב'ריג בעהאַלטען... אַ פייפען פון קאַלאָשען איבער'ן פייכטען ברוק... אַ פיקען פון שטעקלעך —:

— די בלאָנדינקע? אָט די, די פוילישע? מאַצעשע? אָ, זי איז אַ בריה...

מירקינס קול.

און באַלד אַ צווייטער קול. אַ געשטאָרבענער בין איך געבליבען:

— הא? אָט דאָ האָט עפּעס איינער אַ שפרונג געטהון און — זיך בעהאַלטען... וואַרט! — ווער איז דאָס?

— ס'האָט זיך דיר אויסגעדוכט.

מען איז שטעהן געבליבען. די שטעקלעך זענען אַנטשווינען געוואָרען.

— ניין, ניין... עמיצער איז דאָ... כ'האָב פיינט די קונצען... ווער האָט זיך דאָ בעהאַלטען, פרעג איך?

און אַנ'אייזערנער שפּיץ פון אַ שטעקען האָט עקשנות'דיג אָנ'געקלאַפּט אין טיהר'ל; גלייך מיר אין אויער אריין.

איך האָב דערפיהלט, אַז איך בין דאָ מאוס אַריינגעפאַלען, אַז זיי וועלען שוין ניט אָבטרעטען. אין איין סעקונדע האָב איך

זיך געמוזט געבען אַנ'עצה ווי פּטור צו ווערען פון אַזאַ חרפּה.

— איך פרעג ביי אייך ניט! — האָב איך פּלוצלונג אויסגעשריען און אַרויסגעריסען זיך פון הינטער דאָס טהירעל.

ביידע זענען זיי פערציטערט געוואָרען און אָבגעשפּרונגען עט־ליכע טריט אויף הינטען. דער רויטער אָבשיין פון דער לאָמטער־נע איז געפאַלען אויף אונז דרייען. דריי פּאָר אויגען האָבען זיך באַגעגענט.

— סאַ — אַ לאַמאַן? האָט מירקין אויסגעזאָגט פון פערוואונ־דערונג. די אויגען זענען ביי איהם געוואָרען ווי ביי אַ פיש.

— איך פרעג ביי קיינעם ניט! — האָב איך פערקריצט די ציין און געלאָזען זיך געהן גלייך אויף זיי.

ביידע האָבען מיר אָבגעטראָטען דעם וועג; שטומע, דער־שראָקענע.

געהענדיג האָב איך אַ קעהר געטאָן דעם קאָפּ און ווידער אַמאָל אויסגעשריען.

— וועמען הער איך, נו? כ'האָב געוואָלט געהן אין... אין — צו זונות און בין געגאַנגען...

— דאָס איז סאַ — אַ לאָמאָן? האָט מירקין נאָך אַמאָל צע־צויגען אויסגעזונגען הינטער מיר.

ס'האָט זיך שרעקליך געגלוסט איבערקרימען זיין זינגענדיגע פראַגע מיט שפּאָט און הויך אויפ'ן קול; פערקרימען דערביי דאָס גאַנצע געזיכט אַזוי, אַז דער מויל זאָל אויסקומען אויף דער רעכ־טער באַק. נאָר כ'האָב זיך איינגעהאַלטען מיט אַלע כחות און איך, גיך אַוועק אין דער נאַכט אַריין. דער פאַלענדער שניי האָט איך צווישען אונז געשטעלט ווי אַ טונקעל־גראָהע וואַנד. איך בין געבליבען אַליין.

כ'האָב געגעבען די ליפּען פון פערדרוס. כ'האָב פערשטאַ־נען, אַז איך האָב זיך דאָ אויפגעפיהרט ווי אַנ'אמתער אידיאָט. כ'־האָב דאָך געקענט אַרויסגעהן פון טויער מיט אַ אויפגעהויבענעם קאָפּ, שטאָלץ; ניט בעהאַלטען זיך ווי אַ מויז, ניט רעדען קיין וואָרט. דער געדאַנק האָט מיך נאָך מעהר אויפגערייצט.

— איך פרעג ביי זיי ניט, — האָב איך געמאַכט מיט די פויסטען, אַזוינע הינט... זייער דאגה, וואָס? געוואָלט געהן אין... און געגאַנגען, און... איך פרעג ניט!

* * *

אין די הויפט־גאסען זענען נאך געלאפען איינצעלנע דראש־קעס, איינזאמע מענשען אונטער קלײנע שירעם־דעכעלעך און אהן שירעמס. גיך גיך זענען זײ געגאנגען פארבײ מיר איבער די טראָטואַרען. די קעפ בעהאלטען אין די הויכע קאלנערס, די הענד אין די ארבעל: אהיים, אהיים, אהיים! — זײ האבען מיר אויסגעזעהן ווי גרויסע נאכטפלעדערלעך מיט אבגעריסענע פליגלען, אט לויפען זײ ווי זײ קענען, ציהען זיך צו דאס ליכטיגקייט, צו דאס ווארעמקייט, צו בעשיצטע פיער־ווענד. אבער וואס האב איך מיך צו היילען? ס'ט'געזעהן? עס פאלט א שנײ — זאל פאלען. װאס ווארט אויף מיר? כ'האב נאך צייט.

אין מיינע טריט זענען געווארען דראבנע, איינגעהאלטען, עפיס עהגליכעס צו שנאה האב איך מיט אמאל דערפיהלט צו מיין רעװאלװער, וועלכער הוידעט זיך בײ מיר אין קעשענע און קלאפט מיר פאיאלינקע אין זייט... איך זאל ניט פארגעסען...

אז איך האב מיך בײ א לאמטערנע באגעגענט מיט וועלכע ניט איז ווייבער, פלעג איך מיך געשווינד א נעהם טהון אנ'אזייט, זייערע גלאטע פנים'ער, דער רויש פון זייערע קלײדלעך פלעגען אין מיר ארויסרופען א אונאטירליכען עקעל. אזא מין עקעל האב איך איינמאל דערפיהלט, ווען איך בין געלעגען קראנק אויף בויך־טיפוס אין דערזעהן אויפען טיש א שטיק פעטע געבראטענס...

כ'האב מיך געמינטערט. נאך איטליכעס באגעגענט ווייבעל האב איך געמוזט שפייען. געגאנגען און געשפייט, געשפייט אין פייכטען, שנײ אריין...

* * *

ענדליך, ווען איך בין שוין געוועזען נאהענט צו מיין גאס, האב איך אונגערען אנגעטראפען אין א קעשענע א קליין הייפעלע קופער און זילבער געלט. נסים! די קלײנע האט ראכט זיך גרינדליך ארומגעזוכט...

— אויף וואס דארף איך עס?

כ'האב דאס ביסעל קלײנגעלד צוזאמען־געגראבעלט אין האנד, און געריגרינג, געזייט־געווארפען איינציגוויים דורך די פינגער. א

טראָט אַ מטבע, אַ טראָט — אַ מטבע. — די קײַלײַדיגע, פֿראַבּע שטיקלעך מעטאַל מיט זײערע געפּרײַגטע אותיות, וואָס האָבען בײַ מיר ביז אַהער אָפּטמאָל געשפּיעלט אַזאַ ביטערע ראָל, אַזוי גע־פּײַניגט און אַזוי ערנידעריגט, האָבען אַצינד אָנגעיאָרען זײער בע־דײַטונג. איך דאַרף ערשט שטאַרבען, זײ זענען שוין געשטאָרבען. זײערע ליעסטיגע פֿערפֿלאָנטערטע נשמה׳לעך זענען זיך שוין צע־פֿלויגען, בײַ מיר אין האַנד זענען נאָר איבערגעבליעבען האַרטע, ניט־נויטיגע קערפּערלעך. „משוגעים, האָב איך פֿאַר זיך קרענקליך געשמײַכעלט, און פֿאַר דעם בעקימט מען אַלין, אַלין... אַפּילו ,ליעבע״, אפילו נאַקעטע צוועלף־יעהריגע קינדער, פֿון וועלכע עס שמעקט נאָך מיט דער מאַמעס מילך... אָט ערשט האָב איך אַליין מיט דעם „ליעבע״ געקויפֿט. אַפּילו אַזאַ ווי איך... משוגעים! — נאַרען און נאַרען מיט דעם אײנער דעם צווײטען, לסוף זענען אַלע אָבגענאַרט... קויפֿען און קויפֿען מיט דעם, לסוף זענען אַלע פֿער־קויפֿט... משוגעים״.

און ס׳איז עפּיס געווען אַזוי לעבערליך און אַזוי גיפֿטיג־זיס פֿערנאַנדער־צו־וואַרפֿען די מעטאַלענע טוידטע רעדעלעך, אַזוינע אונשולדיגע און אַזוינע זינדיגע, אין מיטען דער נאַכט, איבער דער פֿערבלאָטיגטער און פֿערשנײַטער ערד. — וואו דער שנײ איז געווען דיק, איז די מטבע פֿערלאָרען געגאַנגען שטומערהײַד, ווי אין פּוך אַרײַן. און וואו דער שנײ איז שוין געווען אַביסעל צעגאַנ־גען, פֿלעגט זיך דערהערען אַ לײַכט קלעפּעל: „דק״ אַזוי קורץ און אָבגעהאַקט און אונפֿאַרביג.

אויפֿ׳ן ראָג פֿון גאַס האָב איך מיט אַמאָל בעמערקט אַ קבצן שטעהט אײַנגעבויגען איבער זײַן שטעקען און קרעכצט. „ס׳גע־הערט? אַפּילו אין מיטען דערנאַכט קען מען ניט פּטור ווערען... אָט ערשט בין איך געווען דאָרטען. איהם איז אַלין אײנס. אַזאַ בעטלער! ער וויל אנדבה — וויל ער...״

פֿינדעסטוועגען בין איך צו איהם צוגעגאַנגען און מיט אַ שטומע בעוועגונג איבערגעגעבען איהם די עטליכע מטבע׳ת, וואָס זענען נאָך געבליבען אין האַנד.

אַ לאַנגער גוף פֿערוויקעלט אין שמאַטעס האָט זיך מיעף פֿערנײַגט.

„... דאָס בוקט ער זיך דעם שטן, אָדער וואָס?״

און אַ הייזעריגער אויסגעניצטער קול:

— אוי פאַני, פאַני... זאָל אייך גאָט געבען גליק, הצלחה, לאַנגע=יאָהר...

— גליק? הצ–לחה? — האָב איך שטיל איבערגעפרעגט און אַריין=געקוקט דעם בעטלער אין שמוציגען פנים. אַ! לאַנגע יאָהר...

איך געדענק ניט גענוי; מיר דאַכט אז די „לאַנגע יאָהר" האָבען ביי מיר אַרויסגערופען אַ ווילדען געלעכטער. נאָר דאָס געדענק איך קלאָר, אַז דער בעטלער האָט זיך עפּיס פּלוצלונג דערשראָקען און גענומען אָבטראָגען זיך פון מיר, מיט אַ קורץ פּיסעל און מיט אַ קוליע: האָץ=האָץ, האָץ=האָץ...

---

א אונבעוואוסטע שעה אין דער זעלבער נאַכט.

ווידער געלעגען אויפ'ן בעט אָהן אַ שום בעוועגונג, אָהן אַ זעלבסטגעפיהל און געקוקט מיט שטאַרע אויגען אויף דער בעלויכטענער סטעליע. ס'האָט זיך מיר געדוכט, אַז איך ליעג אין אַ העל=געלבען ראָסצענע=טייג. דאָס גאַנצע צימער איז, ביז דער סטעליע, אָנגעפיהלט מיט דאָס שיטערעס, קלעפיגעס. איך ליעג געפּרעסט אונטער דעם און קען זיך ניט אַ ריהר טהון... מיט אַמאָל קריכט מיר אַריין אַביסעל טייג אין מויל. פיהל איך אַ טעם פון איבערגעקאָכטע בראַנפען און פערפוילטע הערינג...

פּלוצלונג האָט זיך עטוואָס אָנגעהויבען צו בעוועגען אין צימער; פּאַמעליך אָהן אַ שום גערויש ווי אַ פאָרזיכטיגער גנב. די בעוועגונגען זענען געוואָרען אַלץ אָפטער און געשווינדער. די ווענד האָבען גענומען טאַנצען. דער שיטערער טייג — וואַרפען געלבע חוואַליעס... איך וואַרף זיך מיט זיי צוזאַמען ליעגענדיגערהייד, אַרויף און אַראָב, אַרויף און אַראָב. איך האָב מורא אויסצושטרעקען אַ האַנד, אַ שאָקעל טהון אַ פוס, ווי איך זאָל געוועהן ליעגען אויף אַ שמאָלינקע ברעטעלע אין אַ ברויזענדען טייך.

אין אָנהויב האָב איך גאָרנישט ניט פערשטאַנען; נאָר מיין בעוואוסטזיין האָט געציטערט, געפלאַטערט פון פערבאָרגענעם שרעק. איך האָב געוואָלט שרייען — ניט געקענט.

דער פערבאָרגענער שרעק האָט מיך אָבער אַרומגענומען

אלץ שטארקער און שטארקער, געניט — איך זאל איבער זיך מאַכען אַ איבערנאטירליכע אָנשטרענגונג און קאָנצענטרירען אַלע געשוואומענע, צעבראָקעלטע געפיהלען אויף איין פּינטעל. ביז... ביז איך האָב פערשטאַנען, אַז ס'איז גאָרנישט. ניטאָ פאַר וואָס צו שרעקען זיך. דאָס איז נאָר אויסגעגאַנגען די נאַפט אין לאָמפּ. און דער פלאַם וואַרפט זיך, גוסס'ט, האַלט מלחמה מיט'ן חשך.

— פלמ — פלמ — פלמ...

דאָס פייערל אין לאָמפּ און אַרום איהם גרויסע, צערויסענע שטיקער פון געלזוכטיגען שיין גוסס'ן, וואַרפען זיך אום אויף די ווענד אין פאַנטאַסטישע קאָנוואולסען. און די שאָטענס שפּרינגען אויף זיי אַלע ווילדע אַרויף און שלאָגען זיי מיט שוואַרצע פלעדערמויז-פליגלען.

— פלמ — פלמ — פלמ... האָב איך עפּיס געהערט ווי אין הינטער-פלעט. און ווייטער — מיש-מאַש, האַאָס, גאָרנישט...

אַז איך האָב צוריק געעפענט די אויגען איז שוין געווען פאַלקאָם פינסטער. נאָר די שויבען פון פענסטער האָבען קוים-קוים געפינקעלט אין דער פינסטער מיט אַ שוואַרצען אַטלאַס-גלאַנץ. הינטער די שויבען האָט געראַנען דער צעגאַנגענער שניי; אַן'אָבגעריסענע בלעך פון אַ דאַך האָט דאָרטען געפּאַטשט מיט גרויס התמדה...

סס'איז געווען שווער. די פיס קאַלט, דער גאַנצער לייב אין שוויים, דער קאָפּ — פערראָסטעטע בליי.

— ד ע ר ר ע וואָ ל ו ע ר... איז ווי אַ שרץ צוגעקראָכען די ערשטע מחשבה, אפשר שוין צייט.

דאָ האָב איך זיך צוגעהערט: מיר דאַכט איך הער עפּיס? יאָ-יאָ. אין דער פינסטער שעפּצעט עס גלייכמעסיג און שטיל...

דאָס האָט זיך רוהיג געקלאַפּט דאָס שבאָלענעס הערצעל ביי מיין טאַשען-זייגער, וועלכען איך האָב, קומענדיג, אַנידערגעלעגט אויפ'ן טיש.

פריהער, ווען דער לאָמפּ האָט נאָך געברענט, האָב איך גאָרניט געשפירט, אַז ער טיקעט אַזוי... אַצינד, אַז דער לאָמפּ האָט זיך פערלאָשען און די אויגען זענען געבליבען אָהן אַרבייט, האָבען זיך די אויערען פערשאַרפט און געגומען פאַנגען אין חשך אַ פלייסיגען שטילינקען קלאַפּען:

— טיק טאַק, טיק—טאַק, טיק - טאַק...

אַפּאָר מינוטען בין איך געלעגען אונבעוועגליך און זיך צוגעהערט צו דאָס טיקען ווי היפּנאָטיזירט, אין אַ טריבען שנאה-געפיהל האָט אין מיר ביסלעכווייז אויפגעברויזט, ביז איך האָב פערשטאַנען, אַז איך מוז מיך מיט איהם אָבּרעכענען:

— זעה נאָר, זעה נאָר סאַראַ פּלייסיגקייט, סאַראַ חאַפּעניש! דאָס זיל גאָר ניט אויפהערען... פאַר וואָס טיקעט ער אַזוי, דער פערשאָלטענער? ווער רעט איהם? טיק טאַק, טיק - טאַק... אַהאַ, איך פערשטעה, ער קען זיך ניט דערוואַרטען... מיינע לעצטע סעקונדען ציילט ער... ער שערט אָב אַלע סעקונדע אַ שטיקעל פון דאָס איין-איינציג פעדימ'ל וואָס איז מיר איבערגעבליבען... ער זאָגט אָן אַלע ווײַלע, אַז אָט באַלד, אָט באַלד... דאָס איז אַ שונא, אַ בעהאַלטענער שונא... ער לאַכט פון מיר: טיק—טאַק, טיק—טאַק: „מיר איז אַלץ איינס, טיק—טאַק. ניטאָ דו — טיק איך פאַר אַנ'אַנדערען, טיק—טאַק.” — ער האָט שוין קיין צייט ניט, זיין דאגה... טיק—טאַק. פאַר וואָס האָב איך איהם פערקויפט אַזאַ שלאַנג, טיק - טאַק... נו, איך וועל דיר ווייזען, וואַרט אַ קאָרשט, האָלערעניק!

מיט די לעצטע כחות, אָבער מיט איין מאָל, האָב איך זיך אַ הויב געטהון פון געלעגער. די בעט האָט הינטער מיר אַ סקריפּ געטהון און דערשראָקען מיך. אַ ווײַלע בין איך געבליבען שטעהן גלייך און שטום ווי אַ שאָטען. דערנאָך האָב איך זיך פאָרזיכטיג גענומען בעוועגען אין דער פינסטער פון בעט צום טיש... „טיק—טאַק” האָט מיר אַנטקעגען שטיפעריש-פרעהליך געטיקעט דאָס זייגערל, ווי איינער זאָגט: „וואָס אַרט דאָס מיך...” ווי אַ קאַץ האָב איך שלאַסטיש איבערגעשטעלט די פיס אין דער פינסטער, אַ טראָט נאָך אַ טראָט, ביז איך האָב מיך אָנגעשלאָגען מיט'ן בויך אין אַ שפּיציגען ווינקעל פון טיש און געבליבען שטעהן; דערטאַפּט איהם אויפ'ן טיש און אַ קרעכץ געטהון פון פערגעניגען. דאָס קייטעלע איז אַראָבגעהאַנגען פון האַנד און האָט זיך אומגעבאַמבעלט. „צו דיר האָב איך גאָרנישט” האָב איך שטיל געזאָגט; אָבגעשטשעפּעט דאָס קייטעלע און עס אַוועק געלעגט צוריק אויפ'ן טיש. געבליבען בײַ מיר אין האַנד איז נאָר דאָס זייגערל. אַזאַ געמיינע זאַך! אפילו ליגענדיג געפאַנגען בײַ מיר אין האַנד האָט

עָס נִיט אױפֿגעהערט צו צײלען מײַנע לעצטע מינוטען און לאַכען פֿון מיר: טיק—טאַק, טיק—טאַק...

אַ װײַלע בין איך געשטאַנען מיט פֿערקריצטע צײן, פֿערמאַכט די אױגען פֿון דבקות, פֿון לײַדענשאַפֿטליכען כעס... דערנאָך אײַנגעבױגען זיך, פֿאַרזיכטיג־שטיל, אַװעקגעלעגט מײַן געפֿאַנגענעם אױף דער פּאָדלאָגע, אַרױפֿגעשטעלט אױף איהם דעם רעכטען אָבצאַס, אָנגעשפּאַרט זיך מיט אײן האַנד אָן טיש און די לינקע פֿוס פֿלינק אַ הױב געטהון אין דער לופֿטען, כּדי די משא פֿון גאַנצען קערפּער זאָל מיט אײנמאָל פֿאַלען אױף אײן פּינטעל.

— טלצצ... האָט זיך גלײַך דערהערט אין דער פֿינסטער אַ שאַרפֿער קנאַק פֿון צעטראָטען גלאָז און צעקװעטשטע שטאָלענע נעדערימלעך. איך האָב אַ שידער געטהון פֿון פּלוצליכקײַט און אַזױ שטעהן געבליבען אױף אײן פֿוס. די אונטערשטע ליפּ פֿערביסען. כ'האָב מורא געהאַט טאָמער האָט דער קנאַק עמיצען אױפֿגעװעקט.

אַלץ האָט געשלאָפֿען װי פֿריהער. נאָר דאָס אָבגעריסען בלעך האָט הינטערן פֿענסטער, געפּאַטשט, געפּאַטשט.

דאַן האָב איך זיך געשטעלט אױף די קניע און אײַנגעבױגען אײן אױער איבער דעם צעטרושצעט זײגערעל. געהאָרכט. שטיל. ער האָט אױפֿגעהערט צו טיקען.

— אַהאַ, װאָס הערט זיך? האָב איך געשעפּצעט, אָנגעזעטיגט מיט נקמה, צו דער פֿינסטערער פּאָדלאָגע,— שױן אױס?.. לאַכסט שױן ניט? אױס צעהלען, אױס דערמאָנען, װאָס?!

נאָר באַלד האָב איך זיך אױפֿגעשטעלט און אױסגעגלאָצט אַ פּאָר צעשראָקענע אױגען אין דער פֿינסטער:

— אָבער שטאַרבען מוזטו דאָך פֿאָרט. משוגע'נער! װאָס! נאָרנישט אױסגעפֿיהרט...

איך בין אומגעגאַנגען אַ פּאָר מינוטען איבערן צימער, נעריבען די קאַלטע הענד און געציטערט. ס'האָט זיך אױסגעדוכט, אַז די נשמה'לע פֿון דעם צעבראָכען זײגער'ל שװעבט נאָך אום אין דער לופֿט און לאַכט: גאָרנישט אױסגעפֿיהרט, גאָרנישט. מוזט שטאַרבען...

כ'בין, דאַכט זיך, אומגעגאַנגען אין דער פֿינסטער אַזױ פֿאָרזיכטיג, און מיט אַמאָל דערלאַנגט עס אַ קלונג אונטער די

פּים. א טויטער בין איך געבליבען: זעה, „דאָס״ לעבט נאָך! — דאַן האָב איך אַזוי לאַנג געטאַפּט ביז איך האָב געפונען א צע-פליקט ביכעל, איינגעבויגען זיך און גענומען פערקעהרען מיט דעם שטילערהייד אונטערין טיש די פּיצלעך גלאָז און די צעבראָ-כענע רעדעלעך... „כדי ניט פערשטעכען א האַנד, כדי ניט פער-שטעכען א האַנד...״ האָב איך מיר געקלערט און צופריעדען גע-שמייכעלט. אָבגעטהון, איינגעקנעלעגט דעם ספר אויף אַנ׳אָרט: „און ווייטער וואָס?״

צוגעגאַנגען צום פענסטער און געקוקט ווי די גאַנצע שטאָדט ליעגט פערזונקען אין גערילכטען נעבעל. ניט צו דערקענען א שטריך פון א דאַך, א שפּין פון א קוימען. נאָר עלענדע פלעקען פון גאַז און בלייכע פינטלעך פון עלעקטריע. האָבען געוואונקען פון דער שטיק נאַכט אַרויס. זיי זענען געווען אַזוי עהנליך צו די געקינצעלטע אויגעלעך ביי יענע ווייבער, דאָרטען... וואו איך בין געווען...

— הלואי זאָלט איהר אַזוי דערשטיקט ווערען אַלע, אלע פאַר איין מאָל!.. האָב איך אין האַרצען געשאָלטען די שלאָפען-דיגע שטאָדט.

אָבגעגאַנגען צערייצט פון פענסטער און געטראַכט:

— זיי לאַבען אויך. זיי ווילען נאָך ברענגען מאָרגען, איבער-מאָרגען, איבער א יאָהר ...

מיט אַמאָל האָט זיך מיר בערגלוסט א קוק טהון אויף זיך, ווי איך זעה יעצט אויס. דער שפּיגעל איז ערגעץ וואו געהאַנגען אין דער פינסטער א פערגעסענער, א בלינדער אַזוי ווי איך. — געבען קאַלטען לאָמפּ האָב איך אָנגעטאַפּט דאָס פידעלע שוועבעלעך. נאָר עטליכע שוועבעלעך האָבען זיך אינוועניג טרוקען אומגעבאָמבעלט.

— ס-ס-ס... האָט זיך איין שוועבעלע אָנגעצונדען מיט א גיפטיג זידען און א ביס געטהון אין די אויגען...

ביי דעם מינוטנעם, פלאַטערדיגען שיין, ניט-גלייכמעסיגען און געלען, זענען אין שפּיגעל אַרויסגעשיאָסען צעשייבערטע, פערשוויצטע האָר. איינגעצויגענע, בלייכע באַקען, ווילדע אויגען: זיי זענען עפּיס געווען גרעסער ווי תמיד, דורכגעוועבט מיט די-נינקע בלוטיגע אָדערלעך און האָבען געפינטעלט פאַר ועהטאָג.

כ'האָב אַ קוק געטהון אויף דעם פּ ר ע מ ד ע ן פּ נ י ם און דאָס האַרץ האָט שווער און אָבגעהאַקט געקלאַפּט, ס'איז געווען שרעקליך וואָס איך זעה אַ שטערן, אַ נאָז, ליפּען. שרעקליך איז געווען וואָס אויף דעם קאָפּ איז דאָ האָר. זעה! פּלייצעס אויך, פּלייצעס אויך...

אַז דאָס שוועבלע האָט זיך פערלאָשען און איך בין געבליבען אין דער פינסטער, איז אָנגעפלויגען דער אַלטער חשד:

— האַ! אפשר איז דאָס גאָרניט מיין געזיכט. ניט מ יי נ ס... איך בין בעהאַנגען מיט מאַסקעס ווי אַלע, איך מ יי ן נאָר אַז איך בין אַ מ ע נ ש...

אָנגעצונדען דאָס צווייטע שוועבעלע. מיין געזיכט האָט זיך ווידער אַמאָל בעוויזען אין שפּיגעל. דאַן האָב איך אַרויסגעשטעקט אַ פערשפּיצטע צונג, אַ לאַנגע און אַ חוצפה'דיגע. דאָס געזיכט אין שפּיגעל האָט נאָכגעמאַכט. -- דאַן האָב איך זיך געשווינד איבערגעביטען און אָנגעשטעלט אַ מאוסען, פערקנייטשטען פנים. אַ קרומען, צעצויגענעם שמייכעל פון אַ אידיאָט. דאָס געזיכט אין שפּיגעל איז געוואָרען פונקט אַזוי ווי איך. — גלייך האָב איך דערזעהן און מיט די אויגען חיטרע אונטערגעוואונקען. דאָס זעלבע האָט זיך בעוויזען אין שפּיגעל.— און איך ווייס ניט פאַר וואָס האָבען ביי מיר, בשעת־מעשה אַרומגעבלאָנדזעט אין מוח ברעקלעך געדאַנקען. אָהן אַ שום צוזאַמענהאַנג:

— מירקין. רויטע לאַמטערנע. יאַשע, רעוואָלווער. רבי חיים.

— דאָס איז מיין געזיכט, מיין געזיכט, מיינס... האָב איך געשעפּצעט, אַז דאָס צווייטע שוועבעלע האָט זיך אויך פערלאָשען.

אָנגעצונדען דאָס דריטע.

— איך האָב דיר דאָך געזאָגט — האָב איך געמאַכט מיט'ן קולאַק צו מיין געזיכט אין שפּיגעל,— איך האָב דיר דאָך געזאָגט מנוול. אַז... אַז סוף כל סוף וועסטו אַ מיתה משונה איינגעהמען, כ'האָב דאָך דיר געזאָגט!

דער פּרצוף אין שפּיגעל האָט אויך געמאַכט מיט'ן קולאַק.

ס'האָט אַ ברען־געטהון אין פינגער. איינגעלאָזען. דאָס לעצטע שוועבעלע איז אַראָבגעפאַלען. פערלאָשען זיך. אַ ווײַלע האָט דאָס נאָך אויף מיר געקוקט פון דער פאָרלאָגע מיט אַ דער

שטיקט רויט איינגעלע. געווארען קלענער, קלענער. א פינטעלע. נישט. פינסטער.

דאס לעדיגע פידעלע איז מיר ארויסגעפאלען פון האנד.

ווי א בעליידיגט קינד, וועלכען מען האט צוגעזאגט געבען א גוטע זאך און נישט געגעבען, בין איך שטעהן געבליבען אין דער פינסטער, מיט זיך אליין, נעבען בלינדען שפיגעל. — נישט געדארפט אזוי גיך איבערברעכען אלע שוועבעלעך. איפגעגאנגען דאס ביסעלע שיין פון די דריי דינינקע שפענדלעך. איפגעגאנגען. געאיילט זיך. יעצט שטעה אין דער פינסטער. שטעה!

ס'האט זיך געוואלט עפעס אפטהון. פראטעסטירען נעגען חשך אין צימער האט זיך געגלוסט. וואלט איך נישט מורא געהאט אנמאכען א רעש, ווייס איך שוין וואס איך וואלט געטהון. איך וואלט צעבראכען דעם שפיגעל; מיט'ן פויסט און דוקא מיט'ן פויסט. און זאל ער זיך צעשטעכען ביז בלוט! אין זען טרעף...

אוים שפיגעל!

---

באגינען.

איך ווייס נישט, צי בין איך געשלאפען, אדער דאס איז געוועזען א קרענקליכער פערגעסעניש-צושטאנד; נאר אז איך האב אנגעהויבען פיהלען דאס, וואס ארום מיר, האב איך דערזעהן, אז איך ליעג אין בעט, נאך אלץ נישט קיין אויסגעטאנענער. די פיס ווי שטיקער האלץ. ווען איך האב זיך געלעגט און ווי אזוי, דאס געדענק איך נישט קלאר.

כ'האב דערשפירט א קיצעלדיגען וועהטאג אין האלז.

— הא—הא... האב איך געפרובט ארויסלאזען א קול, דערמאנענדיג זיך, אז „הא" און „חית" זענען האלז-אותיות.

ס'איז ארויס א דומפער בריל, א הייזעריג-צערזיסענער, גאר נישט קיין מענשישער קול. — ווי עס ווייזט אוים האב איך זיך נעכטען ביינאכט גוט פערקיהלט אין מיין לייכטען זומער-מאנטעל, איז אין האלז אנגעשוואלען געווארען.

א פערשפעטיגטער הערבסט-באגינען. — א בלאסליכער שיין קוקט ארײן אין די שויבען מיעד און נישט-צופריעדען. ער פער-

וויַסט די פִינסטערנִיש, צעגעהט זיך אין איהר, ווי אַ קליין בּיסעלע מילך אין אַ שוואַרצע פליסיגקייט. און אז דו חאַפּסט זיך אויף אין אַזאַ גראָהען שיין מיט אַ געשוואָלענעם האַלז, מיט פערקיהלטע הילצערנע פיס און מיט אַ קראַנקען קאָפּ, דערחעקט זיך אין אַלע אֵברים, אַ פערצווייפעלטע מידקייט, אַ וויסטער עקעל צו אַלץ, צו אַלץ:

— בּעגראָבען נאָך אַמאָל דעם קאָפּ אין קישען און זאָל עס ווערען טאָג, נאַכט, דעמערונג, וואָס עס וויל...

אָבער אַ אונבּעוואוסטע ענערגישע האַנד האָט מיך אָנגענומען; אַ קול אָהן אַ „קול" האָט שטרענג געהייסען: שטעה אויף! בּין איך אויפגעשטאַנען.

כ'האָבּ זיך געטרייסעלט און געבּיסען די ליפּען; געמיינט אַז ס'וועט ווערען וואַרימער פון וועהטאָג. כ'וויים ניט צי די קעלט איז געוועזען אַ דרויסענדיגע, וויַל מען האָט ניט געהייצט, צי זי איז געקומען פון מיר גופא, פון אינוועניג. אָבער קאַלט איז מיר געוועזען, קאַלט. אַזאַ ניט גוטע, גיפטיגע קעלט האָבּ איך נאָך קיינמאָל אין מיין לעבּען ניט געשפּירט — פּונקט ווי מען וואָלט פון מיר אַראָבּגעשונדען די גאַנצע הויט, און אַלע מוסקולען זענען ענטבּלויזט און קיהלען זיך און שמאַרצען אין דער קאַלטער לופט... ווי די „מענשען" אין די מעדיצינישע בּיכער בּיי הענ י ען...

צוויי אַקסלען פערמאָג איך. יאָ, צוויי הענד הענגען אַראָבּ פון בּיידע זייטען אָבּגעלאָזענע, פרעמדע. — כ'האָבּ אויפגעהויבּען איין האַנד און אַ ריב געטהון דעם שטערען. מאָדנע, דאָס איז גאָרניט קיין קאָפּ. דאָס איז — שדים ווייסען וואָס, נאָר ניט קיין קאָפּ.

— אָה–חאָ — האָבּ איך ווידער אַמאָל געפּרובּט אַרויסלאָזען אַ קול פון געשוואָלענעם האַלז.

אַזוי בּין איך אַ ווייַלע געשטאַנען אין מיטען צימער. די קניע האָבּען געפיבּערט, קאַלטע מוראַשקעס זענען אומגעלאָפען אין רוקען, אָבער ס'האַרץ איז געוועזען פּוסט און רוהיג. כ'האָבּ נאָר געפיהלט, אַז אויבּ איך חיל, קען איך מיך אַ גראַבּעל טהון אין מיין זכרון, און דאַן וועל איך זיך אָן עפּעס דערמאָנען... אָבער בּכיון, כמעט — ליסטיג האָבּ איך מיך בּעמיהט אויסצומיידען יענע זאַך, ניט דערמאָנען זיך אָן דעם...

— נו, גענעהרטעוי הער, וואָס? — האָב איך גענזאָגט צו זיך אַליין און געשמייכעלט חיטרע, מיט וועהטאָג.

— גאָרנישט, גענעהרטער הער, גאָרנישט...

דערזעהן דעם טיש און געווענדעט זיך תם'עוואַטע־שטיל:

— אָט איז אַ טיש. און אָט איז דער שטול אויף וועלכען מען זיצט. דו זיצט אויף איהם. דאָס זענען די ווענד פון דיין צימער. ווענד, צעהען רובל אַ חדש צאָהלסטו דירה־געלט.

— צעהען.

— נו, אויב אַזוי, טו נעהם דעם שטול און זעץ דיך. זעץ דיך...

איך האָב צעקריטט און הבנעה'דיג אַ שמייכעל געטהון, ווי איינער וואָס האָט פחד ווען אַנ'עלטערער, אַ שטרייגגער הייסט — און זיך געזעצט.

— מיר דאַכט זיך, אַז דו הייסט שלמה, אָדער סאָלמאָן, ביים טאַטען אין שטוב — שלמק'ע...

— שלמה... שלמק'ע... האָב איך קוים, קוים נעחריפּעט מיט'ן געשוואָלענעם האַלז.

— הם... מיר דאַכט... מיר דאַכט אַז דו האָסט געוואָלט... דאָס הייסט...

— וואָס? האָב איך זיך דערשראָקען.

— איך פערשטעה ניט, וואָס דאַרפען מיר זיך אַוועקטאַכען? — הער נאָר, דו דאַרפסט זיך דערשיסען, צי ניין?

— יאָ, יאָ.

— דו געדענקסט גוט? מיט'ן רעוואָלווער!

— מיט'ן רעוואָלווער.

— האָסט דאָך ניט חרטה געהאַט, שלמק'ע... ווי הייסטא דאָרטען, אַ יאָ?

— ניין, ניין, ניין.

— אויב אַזוי, מיין טייערער, היינט וואָס ציטערסטו?

— אַזוי. קאַלט. הערבסט. קליידער־ניטאָ? לעקציעס־ניטאָ. העניע...

— אי, שוטה, שפּיי אויף זיי אויף אַלעמען, שפּיי!

— טפו!

— אָט אַזוי.

פויזע.

— זאָג נאָר, אויף וואָס וואַרטסטו? וואו איז... ווי הייסט ער? נו, וואו איז דער רעוואָלווער, דער רעוואָלווער!!

— דאָ אין קעשענע:

— נעהם איהם אַרויס. נעהם אַרויס!

— באלד.

— אָט שוין נעהם אַרויס! בעוויין!

— אָט...

— אַזוי איז גוט. אַזוי איז גוט.

— פויזע.

דאָס האָט אַלץ געהעצט דער בייזער „איך”, דער שטאָלצער און פערביטערטער, וואָס האָט מיך שוואַכינקען און צעשראָקקענעם, אַ גאַנצע נאַכט געזידעלט און געמינטערט מיט'ן רעוואָלווער — ער האָט דערזעהן דאָס געוועהר און איז צו מיר מיט אַמאָל געוואָרען אַזוי ווייך, אַזוי איבערגעגעבען, אַזוי בלייך געחיצעלט זיך; ווי אַ בייזער טאַטע מיט אַ קינד, וועלכען מען דאַרף באלד אָפּעריִרען. —

— דו שרעקסט דיך? האָט ער צו מיר ווידער אַמאָל ליעבליך אַ שמייכעל געטהון.

— ניין.

— נו, הויב דיך אויף. אָט אַזוי, קום צו צום פענסטער. אָט אַזוי. דו זעהסט ווי עס רעגענט? דו זעהסט וואָלקענס? פּייכט די ערד, מאוס...

— מאוס, מאוס...

— דו זעהסט אײַזערנע, פּערראָסטעטע דעכער? זיי זענען פּייכט. שמייכלען אָבגעלעבט... דיר טהוט באַנג וואָס דו פערלאָזט זיי?

— ניין, ניין.

— פענסטער בלאַנקען שוואַרץ. מויערען בלייבען זיך. דאָרטען שטיקען זיך אומגליקליכע מענשען, קאַלטע.

— אומגליקליכע. קאַלטע.

— שלמקע! וואו זענען דאָס אַהינגעקומען אונזער כעס, אונזערע נערווען, אונזער קנאה? די פערגאַנגענהייט און די צוקונפט האָבען זיך פערפלאָנטערט; די נרענצען צווישען גוט און

שלעָכּט זעָנעָן פֿעָרשוואונדעָן. וואָס איז הײליג און וואָס איז אונ־ רײן! וואָס איז אַזוינ׳ס אמת און וואָס איז אַזוינ׳ס — שקר? ניט קײן אָנהױב, ניט קײן סוף; גאָרניִשט ...

— גאָרניִשט.

— נײן, ניט גאָרניִשט. ס׳איז נאָך איבּעָרגעָבּליבּעָן אַ מכּה; אַנ׳אָנגעָריִסעָנעָ מכּה, אַ גרױסעָ ווי דעָר עָרד־קוגעָל ... זי פֿיהלט נאָר איהרעָ אײגעָנעָ שמעָרצעָן. מיט די אונעָנדליִכקײט. די אונעָנדליִכקײט זעָנעָן מ יר, מיר אַלײן,— אַ רחמנות אַ גרױסעָר רחמנות אויף די, ווע̇לכעָ בלײבּעָן נאָך לעָבּעָן ... ווי האָט געָזאָגט דעָר־געָקרײצטעָר?

— עָר? „גאָט, זײ זײ מוחל, זײ ווײסעָן ניט וואָס זײ טהועָן“...

— נײן. ניט אַזוי „גאָט זײ זײ מוחל, זײ ווײסעָן ניט וואָס זײ לעָבּעָן“. אָט אַזוי.

יאָ, אַזוי.

פּויזעָ.

און פּלוצלונג:

— העָר נאָר, דו מאַכסט זיך שוין ווידעָר אַ וועָק. איך האָבּ דאָס פֿײנט. בּאַלד איז טאָג. שטעָה! די לאָך פֿון רעָוואָל־ ווער צום שלײף, אָט אַזוי. אַצונד צעָהל: אײנס און צװײ און דרײ. דעָם פֿינגעָר בּײ׳ם „העָנדעָל“. צעָהל!

— אײנס, צװײ ...

דאָ האָט זיך מײן פֿינגעָר פֿעָרהאַלטעָן. אַ פֿעָרנעָבּעָלטעָר פֿאָרהאַנג האָט זיך פּלוצלונג אויפֿגעָהױבּעָן. אַ האָריִזאָנט האָט זיך ענדעָקט. אין קאָפּ איז לײכט געָוואָרעָן, און אַלעָ עָקעָן וועָלט ליכטיג־ליִכטיג. מײנעָ בּײדעָ „איך“ האָבּעָן זיך צונויפֿגעָנאָסעָן. איך בּין געָוואָרעָן גרעָסעָר פֿאַר זײ בּײדעָן צוזאַמעָן. איך האָבּ דעָר־ פֿיהלט, אַז פּונקט אַצינד, אין דעָר זעָלבּעָר מינוט, שטעָהעָן אויף דעָר בּרײטעָר וועָלט אַ סך אַזוינעָ ווי איך, אײנזאַמעָ, אָבּגעָ־ ריסעָנעָ. אײן פֿוס איז נאָך דאָ, די צווײטעָ־איז שוין אויף יעָנעָם זײט לעָבּעָן ... אַלץ איז דורכזיכטיג! איך זעָה זײ אומעָטום. או־ מעָטום: אין פּאריז און אין לאָנדאָן און אין ניו־יאָרק און אין פּעָץ און אין בּאָמבּײ; אין שטעָדטלעָך און אין דעָרפֿעָר ... אפֿשר אין דעָר זעָלבּעָר שטאָדט וואו איך ... אין אַלעָ עָקעָן וועָלט שטעָהעָן זײ יעָצט, יונגעָ און דעָרוואַכסעָנעָ, מיט די טױדט־געָוועָהר אין

די הענד. אין הארצען דער זעלבער נעבעל. אין די אויגען דער זעלבער צער... ווי ביי מיר. — אין דעם זעלבען אויגענבליק, ווען איך וועל אין זיך אויסשיסען, וועלען זיך אין אלע עקען וועלט דערשיסען אזוינע צעהענדליגער... הא - איין טריאומפאלער שאס אין דער אייביגקייט, איין געדאנק... אויף טויזענדער און צעהענדליגער-טויזענדער מייל ווייט פון מיר וועלען, מיט מיר צוזאמען טוידט אנידערפאלען, א סך אזוינע ווי איך, א סך... ווער אויף גראז, ווער אויף א שטרויענעם מאטראץ; אויף בוידעמס, אויף פליושענע טעפיכען און אויף זיידענע קישעלעך... מיידלעך מיט ווייסע בריסט. וועלכע קיינער האט נאך ניט אנגעריהרט... איך פיהל זייער אטהעם. איך זעה זיי. איך בין ניט עלענד, איך בין ניט עלענד:

א ווארימע ליעבע, א פערסורעטע, א נייע, א גרויסע ווי דער וועלט-רוים האט זיך מיר צעגאסען אין אלע נערווען. די ליפען האבען געשעפצעט ווי אין עקסטאז:

— זייט מיר געגריסט, געג-רי-יסט...

און גלייך פאלט צוריק אראב דער נעבעל; די וועלט איז גרוזה, דער האריזאנט — ענג. די האנד ציטערט ביים שלייף... ע, אויף דעם האב איך זיך גארניט געריבט —

— דריי! ...

— — — — — — — — — — —

נעשר. 1905 אבגוסט.



# אין פֿערלאַג „השחר"

זענען איבערגעגעבען צום דרוק פֿאָלגענדע נייע ביכער:

1) פֿינף מאָמענטען אין משה רבינו'ס לעבען, מ. ל. לילינבלום.
פרייז 20 קאָפּ

2) אונערקעס. ערצעהלונג. י. ד. בערקאָוויטש . . . . . „ 20 „

3) די פֿייער מגלה. (מגלת האש), ח. נ. ביאַליק. איבערזעצט
פֿון י. שווארץ . . . . . . . . . „ 25 „

4) אַמעריקא. זאַמעלבוך, רעדאַגירט פֿון ד"ר י. וואָרטסמאַן. . „ 30 „

5) שעקספּירס אויסגעוועהלטע ווערק.
פּראַכטפֿאָלע אויסגאַבע מיט אילוסטראַציעס. „ 160 „

6) פּראַקטישער לעהרבוך:
עספּעראַנטא שפּראַך. פֿון י. ברעסלער. „ 40 „

7) לעהרבוך פֿון דער ענגלישער שפּראַך (געבונדען).
פֿון י. בערלין . . . . . . . . . „ 35 „

---

# בבית מסחר והוצאת ספרים „השחר"

נמסרו המכירה הראשית והיחידית מספרים אלו:

1) האשכול. קובץ ספרותי. א–ה. מחיר כל חלק. . . „ 1— רו"כ

2) הנ"ל חלק ששי (זה עתה הופיע לאור). . . . . קאָפּ' 30—1 „

3) כתבי ז. עפשטיין. ═══ הוזל המחיר ═══
במקום מחירו הקודם . . . . „ 1— „
נקצב עתה אך . . . . . . „ —75 „

4) הנ"ל לשאלת תחית שפת עבר . . . . . . „ —10 „

5) דור דור ודורשיו. מאת א. ה. וייס. חמשה חלקים. „ 9— „
בכריכות מהודרות מאד . . . . . . . . „ 10—75 „
אפשר גם לקנות חלקים בודדים, ח"א ח"ב כל חלק „ 1—50 „
ח"ג . . . . . . . . . . . . . „ 2—20 „
ח"ד ח"ה כל חלק למחיר . . . . . . . . „ 2— „

6) השרשרת, ספור מאת עליזא ארזעשקאווא . . . . . „ —15 „

7) תהלת הכסילים, או צואת בעור בן חמור (הלצה).
מאת ד"ר שלמה רובין מחירו. . . „ 1— „

8) שני לוחות הפילוסופיא, הנ"ל. . . . . . . „ —40 „

9) ספור יצירת העולם, הנ"ל . . . . . . . „ —35 „

10) לא כלום. מאת י. ח. ברנר . . . . . . . „ —10 „

11) מלון רוסי־עברי, מאת א. כהנא . . . . . . . פר״ז 2—75 קאפ׳
12) הזרמים החדשים, מאת ד״ר י. קלוזנר . . . . . „ 25— „
13) משובת פתיים, מאת ש. קבצניק . . . . . . „ 20— „

## ספרי מקרא לנערים.

14) פתגמין קדישין. מאת י. נ. בבובניקוב. מחירו. . . „ 20— „
15) דמי חנוכה, חזיון לילדים בשלש מערכות.
מאת בן ציון פרדקין, מחירו. . . . „ 15— „
16) הנרות הללו, מאת י. לעווט. מחירו. . . . . . „ 10— „

## בשפת רוסיא:

1) **Еврейскій Міръ** (ежемѣсячный журналъ) подписная цѣна въ годъ 6 руб. каждый номеръ отдѣльно 65 коп.
2) **Теодоръ Герцль** Сіонистскія сочиненія . . . . . 75 „
3) **Максъ Нордау** объ Ахадъ Гаамъ . . . . . . . . 5 „
4) **А. Д. Идельсонъ** Марксизмъ и Еврейскій вопросъ . . 5 „
5) **Х. Н. Бяликъ** Сказаніе о погромѣ . . . . . . . . 7 „
6) Д-ръ **Д. Пасманикъ** Національный вопросъ передъ судомъ Соціалъ демократовъ . . . . . 12 „
7) Д-ръ **Ф. Оппенгеймеръ** Соціально-Экономическая основа колонизаціи . . . . . . . 12 „
8) Д-ръ **М. Мандельштамъ** Сіонизмъ Территоріализмъ . 10 „
9) Д-ръ **З. Соскинъ** „Большая“ и „Малая“ Колонизація . 6 „

# די בוכהאַנדלונג פֿון פֿערלאַג „השחר"

איז איינע פֿון די גרעסטע שענסטע, און פֿאַר די קונדען בעקוועמסטע בוכהאַנד־לונגען אין וואַרשע. זי געפֿינט זיך אין צענטער פֿון שטאָדט (רימאַרסקע 16) און איז איינגעאָרדענט לויט דעם ביישפּיעל פֿון די בעסטע בוכהאַנדלונגען פֿון דער וועלט. זיך שטיצענדיג אויף אַ רייכעם ערפֿאַהרען פֿון אַ פֿיעל־יעהריגער פּראַקטיק אין ביכער־האַנדעל; וויסענדיג גענוי אַלע פֿעהלערען, וועלכע שטערען און מאַכען שווער דעם פֿערקעהר צווישען ביכער־קויפֿער און פֿערקויפֿער; אַנערקענענדיג אַלע נייע ענדערונגען און רעפֿאָרמען, וועלכע קאָנען פֿערבעסערען די לאַגע, — האָבען די אַנפֿיהרער פֿון דער בוכהאַנדלונג „השחר" געוואוסט איינצואָרדנען זייער בוכהאַנדלונג אַזוי, אַז זי איז אימשטאַנד אויפֿן בעסטען אופֿן צופֿריעדענצושטעלען יעדען, וואָס ווענדעט זיך צו איהר, סיי מינד־ליך, סיי שריפֿטליך. די ערשטע פֿון אַלע בערינגענונגען איז זעלבסט־פֿער־שטענדליך פּינקטליכקייט און גענויאיקייט. אַלע בעשטעלונגען און פֿאָדערונגען ווערען דורך דער בוכהאַנדלונג „השחר" גענוי און פּינקטליך און ווי מעגליך שנעלער ערפֿילט, אַזוי אַז דער קונד האָט זיך קיינמאָל נישט שפּעטער אויף וואָס צו בעקלאָגען. אויסער דעם איז אין דער בוכהאַנדלונג „השחר" פֿערזאַמעלט דער גרעסטער אויסוואַהל פֿון אַלע העברעאישע און זשאַר־גאָנישע ביכער, ווי אויך ביכער אין אַנדערע שפּראַכען, אַ גרויסער אויסוואַהל פֿון אַלערליי אַלבאָמען, בילדער, אילוסטרירטע פּאָסט־קאַר־טען, נאָטען, שרייב־מאַטעריאַלען און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו'ם ביכער־האַנדעל. די פּרייזען ווערען גערעכענט ווי מעגליך ביליגער, און די קונדען בעקומען אַלע מעגליכע ערלייכטערונגען און הנחות. קירצליך ערשיינט אין פֿערלאַג השחר אַ גרויסער אילוסטרירטער קאַטאַלאָג פֿון אַלערליי ביכער אין העברעאיש, זשאַרגאָן און אַנדערע שפּראַכען, וועלכע מען קאָן בעקומען דורך דער בוכהאַנדלונג „השחר". יעדער לעזער וואָס וועט אונז וויסען געבען זיין אדרעס, וועט דערהאלטען דעם קאטאלאג בחנם.

---

**Проспектъ книгоиздательства „ГАШАХАРЪ" о изданіи Библіи въ еврейско-разговорономъ переводѣ.**

---

אדרעסירען:

Издат. и Книжный Магазинъ „ГАШАХАРЪ" Варшава, Рымарская 16.



Verlag et Buchhandlung „HASCHACHAR" Warschau, Rymarska 16.

---

Типографія „Гацефира", Панская 40.

